פערט און אמאל געטון אויפן פנים פאר דערדאָזיקער אלע-הייליקסטער מאיעסטעטישקייט.

ער איז אנידערגעפאלן און געשטאָרבן, אין דערדאָזיקער שעה פון גאָטס חסד.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן איבער אים, און לאַפּ האָט לאַנג און יעמערלעך געוואָיעט.

סוף פון דער דריטער טייל



דיקער האַנט, האָט די ערד ווי מיט אַיין ריזיקן מויל צו אים אויסגערופן:

— בלייבסט! בלייבסט מיט אונדז! בלייבסט!...

ער איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלץ האָט זיך אים געלאָזט ביין אָקעגן, די גראָזן זענען געקראָכן, עס זענען געפלאָסן די צעווייגטע תבואות, די ביימער האָבן אים ארומגערינגלט, די גאַנצע וועלט האָט זיך אויפגעהויבן און אויף אים זיך געטראָגן, אַז אַ פחד האָט אים אַזש ארומגענומען, ר׳האָט געוואָלט שרייען, אָבער ר׳האָט שוין קיין שום קול פון זיין צוזאַמענגעדריקטן האַלדז נישט געקענט אַרויסברענגען, ר׳האָט געוואָלט אַנטלויפן, האָבן אים כוחות פאַרלאָזט און די ערד האָט אים בײַ די פיס געשלעפּט, די תבואות האָבן אים פאַרפּלאָנטערט, די ברוזדעס האָבן אים אויפגעהאַלטן, די האַרטע שטיקער ערד האָבן אים אָנגעכאַפּט, די ביימער, וואָס האָבן דעם וועג פאַרשטעלט, געדראָט. דאָס שטעכעכץ האָט געריסן, די שטיינער האָבן פאַרוווּנדעט. אַ בייזער ווינט האָט אים נאָכגעיאָגט, די נאַכט האָט אַרומגעבלאָנקעט און די שטימען, וואָס האָבן איבער דער גאַנצער וועלט זיך געטראָגן:

— בלייבסט! בלייבסט!

ער איז מיטאַמאָל ווי אָפּגעשטאָרבן, אַלץ איז אַנטשוויגן געוואָרן און געבליבן שטיין אויף אַן אָרט. אַ בליק האָט אים די אויגן געעפנט פון דער שטערבלעכער פינסטערניש, דער הימל האָט זיך פאַר אים אויפגעפּראַלט, און דאָרט אין דער בלענדיקער העלקייט האָט דער רבונו של עולם, וועלכער איז געזעסן אויף אַ טראָן פון סנאָפּעס, אויסגעצויגן צו אים די הענט און גוטמוטיק אויסגערופן:

— נו קום-שוין, מענטשלעכע נשמה, צו מיר, קום-שוין, דו פאַרמאַטערטער פאַר׳ן בעק...

האָט זיך באַריבאַ אַ וואַקל געטאָן, די הענט פונאַנדערגעשפּרייט, פונקט ווי בשעת דעם אויפהייבן די האָסטיע:

— זיי געלויבט, רבונו של עולם! — האָט ער געענ-

לייכטענדע פלאַכטע, די לבנה איז פאַרגאַנגען, אַלע מיני ליכטי-
קייטן זענען פאַרלאָשן געוואָרן, אַזוי, אַז די גאַנצע וועלט איז
פּלוצלינג ווי בלינד געוואָרן און פאַרטרונקען אין אַ גרויסן צו-
זאַמענגעפלאָנטערטן מבול, און עפּעס אַ מין לגמרי אומבאַגרייט-
לעכע איז ערגעץ אויפגעשטאַנען און מיט שווערע טריט דורך
דער טונקלקייט געגאַנגען, אַז די ערד, האָט זיך געדאַכט, וויגט
זיך אויס.

אַ צעצויגן, בייז אָנזאָגנדיק געוויין האָט פון די וועלדער
אַ צי געטאָן.

איינזאַם: ביימער האָבן זיך פונאַנדערגעטרייסלט. אַ רעגן
פון אָפּגעטרוקנטע בלעטער האָט זיך איבער די זאַנגען צעפּליס-
טערט, די תבואות און גראָזן האָבן זיך צעוויגט, און פון די ני-
דעריקע, צעציטערטע פעלדער איז אויפגעשטיגן אַ שטילע, שרעק-
דיקע, קרעכצנדיקע שטימע:

— באַלעבאָס-לעבן! באַלעבאָס!

די גרינע פעדערן פון גערשטן האָבן געציטערט, ווי אין
געוויין; אין מיט הייסע קושן זענען זיי צו זיינע פאַרשטאַרטע
פיס צוגעפאַלן.

— באַלעבאָס-לעבן! — האָט זיך געדאַכט ווי עס כליפּעט
דאָס קאָרן, וואָס האָט אים דעם וועג פאַרשטעלט און מיט אַ
טויטן האַגל פון טרערן געטריפט. עפּעס פייגל האָבן זיך טרוי-
עריק פונאַנדערגעשריגן. דער ווינט האָט זיך איבער זיין קאָפּ
צעיאָמערט, געפלען האָבן אים ווי מיט אַ נאַס שפינוועבס אַרומ-
גענומען, און די שטעגן זענען זיך אַלץ פונאַנדערגעוואַקסן,
רוזיקער געוואָרן, פון אַלע זייטן האָבן זיי זיך קרעכצנדיק און
אומאויפהערלעך געטראָגן:

— באַלעבאָס-לעבן! באַלעבאָס!

ענדלעך האָט ער דערהערט און ער האָט, אומעטיקנדיק זיך
שטיל אויסגערופן:

— טאַטע כ'בין דאָך דאָ, וואָס ווילט איר? וואָס?...

אַלץ איז מיטאַמאָל ווי פאַרשטומט געוואָרן, ווען ער האָט
זיך ווידער גענומען צום זייען מיט דער שוין שווערער און ליי-

ער איז חײם אָפּגעגאַנגען, אַז ס׳האָט שוין די פֿײגל־שטי־
מען נישט געהערט און גרעטהײט איז אין דער פֿאַרגעפֿלטער
פֿינסטערניש דאָס גאַנצע דאָרף פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, ס׳האָט א ם
נאָר אַרומגעשווימען אַ געלבלעכער, מיטן אויגן נישט אַרומצעמבאַ־
רער ים פֿון פֿעלדער, ער איז אין זײ פֿאַרלוירן געוואָרן, ווי אַ
פֿאַרבלאָנקעטער פֿויגל, אָדער ווי אַ נשמה, וואָס פֿליט אָפּ פֿון דער
ערד — און דאָ האָט ער זיך ווידער באַוויזן נעענטער פֿון די הײַ־
זער, אין דעם קרײַז פֿון די פֿײגל־טשוויטשערײַען זיך אומגע־
קערט און אין דעם קרײַז פֿון אוי׳ אַ ווײַלע פֿאַרשוויגענער
מענטשלעכער מי, ווי ווערנדיק אַרויפֿגעהויבן צוריק אויפֿן ראַנד
פֿון דער לעבעדיקער וועלט דורך אַ גרילצנדיקער פֿאַליע פֿון די
תבואות...

— לאָז אַראָפּ, קובאַ, די בראָנע, נאָר לײַכט! —
האָט ער טײלמאָל, ווי מבֿלומרשט אויפֿן פֿאַראָבעק, אויסגע־
רופֿן.

און אַזוי איז פֿאַרבײַ אַ שטיק צײַט, און ער האָט אַלץ
אומדערמידלעך געזייעט, אָנשטעלנדיק זיך נאָר פֿון צײַט צו
צײַט, כּדי אָנצורופֿן און אויסצוזעצן די בײנער און זיך ווידער
גענומען צו דערדאָזיקער אומפֿרוכטבאַרער אַרבעט, צו דערדאָ־
זיקער בתנמדיקער מי, צו דערדאָזיקער אומזיסטער טירחה.

און דערנאָך, ווען די נאַכט האָט זיך שוין אָנגעהויבן עס־
האָס צו מישן, די שטערן זענען בלאַס געוואָרן און די הענער
האָבן אָנגעהויבן קרײען אויף טאָג, האָט ער לאַנגזאַמער אָנגע־
הויבן צו אַרבעטן, זיך אָפֿטער אָפּגעשטעלט, און פֿאַרגעסנדיק אָנ־
צונעמען ערד, האָט ער מיט דער לײדיקער גאָרשטש געזייעט —
בלײַך ער האָט שוין בלויז דאָס לעצטע ביסל פֿון זיך אַלײן
פֿונאַנדערגעזייעט אויף דידאָזיקע עלטער־זיידעס פֿעלדער, די אַלע
דורכגעלעבטע טעג, דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן, וואָס ער
האָט אַמאָל געהאַט גענומען און איצט האָט ער עס די הײליקע
פֿעלדער און דעם אַלמעכטיקן גאָט אומגעקערט.

און עס איז אין די לעצטע מינוטן פֿון זײַן לעבן עפּעס
וווּנדערלעכס געשען: דער היכל איז גרוי געוואָרן, ווי אַ גראָבע

לעטשקן געגרילץ און מיט עפעס אַ ווידערקול פון די באַטאַניקע דאגות און זאָרגן — פונקט ווי עס עסעמט אַ מוטער, ווען זי לייגט זיך אַנידער צווישן די קינדערלעך, וואָס שלאָפן נים זי כערקייט איין אויף איר שויס...

באַרינאַ האָט כיטאַמאָל אַנידערגעקניט אויף דער בייט און אָנגעהויבן אין דעם אונטערגעשטעלטן העמד אַריין אָנצונעמען ערד, גלייך ווי פון אַ זאַק אַרויס תבואה, וואָס איז אָנגעגרייט געווען צום זייען, ביז ער האָט אָנגענומען אַזוי פיל, אַז ער האָט דאָס קוים געקענט דערטראָגן. ר'האָט זיך איבערגעצלמט, אַ פּ־ווּז געטון דעם איספּעט און אָנגעהויבן צו פאַרזייען...

ער האָט זיך איינגעבויגן אונטער דער משא און פּאַמעלעך טריט בא טריט איז ער געגאַנגען און מיט דעם בענטשנדיקן, האַלב־רונדיקן וואָרף האָט ער די בייטן מיט ערד פאַרזייעט.

אַפּאַ איז אים נאָכגעגאַנגען, און ווען עפּעס אַן איבער־געשראָקענער פויגל האָט זיך פון אונטער די פיס אויפגעריסן, האָט ער אים אַ חיילע נאָכגעיאָגט און ווידער אויף דער נסט צום באַלעבאָס זיך אומגעקערט.

און באַרינאַ, פאַרקוקט פאַר זיך אין דער חייטקייט, אין דערדאָזיקער צוויבערלעכער וועלט כון פרילינגס־נאַכט, איז גע־גאַנגען איבער די בייטן שטיל, ווי אַ געשפּענסט, וואָס בענטשט יעדעס קרישעלע ערד, יעדער שטרויעלע און געוויעט — כסדר געוויעט, אומדערמידלעך געוויעט.

ער האָט זיך געשטרויכלט איבער קופּקעלעך ערד, געפּלאָנ־טערט זיך אין גריבלעך, טייל מאָל האָט ער זיך אפילו איבער־געקערט, נאָר ער האָט וועגן דעם קיין שום אַנונג נישט געהאַט און גאָרנישט געפילט, אַ חוץ דערדאָזיקער טעמפּער און איינגע־עקשנטער באַרעפּעניש צו זייען.

ער איז געגאַנגען אַזש ביזן סוף פון די פעלדער. און ווען ס'האָט אים אונטער דער האַנט ערד פאַרפעלט, האָט ער פרישע אָנגענומען; און געוויעט און ווען ס'האָבן אים קישאַקעס און שטעכיקע דערנער דעם וועג פאַרשטעלט האָט ער זיך אומגע־קערט.

אָבער פּלוצלינג איז ער אָפּגעשפּרונגען, ס'האָט אים אויף אַן אויגנבליק אַ לײַכט אויף געטון, בליץ־שנעל איז ער צוריק־געשלײַדערט געוואָרן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, אויסגעריסן פֿון פֿליִען אַ דרעמל, און אָנגעמענדיק עס מיט בײדע הענט, ווי אַ ווירלע, מיט אַ צעהילדערטע פּנים זיך אַ וואָרף געטון אויף די סלופּעס, גרייט צו שלאָגן און צו דערמאָנען, אָבער נאָך אײדער ער האָט באַוויזן אַ קלאַפּ צו טון, האָט ער אָנמעכטיק; דאָס דרעמל פֿון דער האַנט אַרויסגעלאָזט.

נאָכן סטויג, פֿון סאַמע וועג אָן לעבן די קאַרטאָפֿליעס, האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער פֿאַראַקערטער שטח, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט דערבײַ, פֿירנדיק אַרום זיך מיט דערשטוינטע אויגן.

די לבֿנה איז שוין געווען אין דער מיט הימל, די ערד האָט זיך געבאָדן אין דער עטוואָס פֿאַרנעפּלטער שײַן און איז געלעגן מיט סוף באַפּערלט, ווי אײַנגעהאָרכט אין דעם שטיל־שווײַגן.

אַ גיטש דורכדרינגלעכע שטילקייט האָט פֿון די פֿעלדער געשלאָגן, די פֿאַרנעפּלטע ווייסקייטן האָבן הימל און ערד באַהאָפֿטן, פֿון די לאַנקעס זענען געקראָכן ווײַסלעכע טומאַנען און איבער די תּבֿואות זיך געשלעפּט, פּונקט ווי די פֿעדימנע שפּינוועבס, אַרומהילנדיק זיי, ווי מיט אַ וואַרעמען, פֿײַכטן פּעלץ.

די אויסגעוואַקסענע, גרינלעכע ווענט פֿון קאָרן האָבן זיך אַריבערגעבויגן איבער די מיצרים אונטער דער שווערקייט פֿון די זאַנגען, וואָס זענען אַראָפּגעהאַנגען, פּונקט ווי די גרינלעכע פֿיגל־שנאָבלען, דער ווייץ איז שוין געוואַקסן, גלײַך ווי אַ וויל געשטאַנען שטײף, גלאַנצנדיק מיט די שוואַרצלעכע פֿעדערן, דער האָבער און דער גערשטן הידער, וואָס האָבן זיך קוים ערשט נעהאָט פֿונאַנדערגעשפּרייט, האָבן געצויגן, פּונקט ווי לאַנקעס אין די גרינלעכע הילעס פֿון נעפּל און לבֿנה־שײַן.

די הענער האָבן שוין ס'צווייטע מאָל געקריִעט ס'איז געווען שפּעט בײַנאַכט, די פֿעלדער האָבן סײַלמאָל, ווײענדיק פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף אָן אָפּרו, ווי געעטעמט מיט אַ שט־

טעלקן פּאַרטרעטס, אַז זיי זאָלן וויסן זײַן, דאָס זייער באַלעבאָס קומט אַהיים.

און אַזוי האָט זי געוואַרט פון מינוט אויף מינוט, אָבער שוין מיט די לעצטע כוחות און געדולדיקייט.

ס'איז שוין געוואָרן נאַכט, דאָס דאָרף האָט זיך געלייגט שלאָפן. יאַנושקאַ, וועלכע איז געקומען צו גיין צו דער פיבער, האָט זיך באַלד אויפן געלעגער אַנידערגעלייגט, דאָס גאַנצע הויז איז באַלד נאָכדעם איינגעשלאָפן, און האַנקאַ האָט נאָך אַ שטיק אין דער נאַכט אַרײַן געוואַרט פאַר דער שטוב, ביז וואַנען זי האָט, אַ מאַכטלאָזע און שרעקלעך אויסגעוויינטע, די יאַפּן אויסגעטאָן און אויך זיך געלייגט שלאָפן.

די גאַנצע וועלט איז אין אַ טיפער שטילקייט פון אָפּרו פאַרזונקען.

אין דאָרף האָבן זיך די פײַערלעך איינס נאָכן אַנדערן אויסגעלאָשן, פּונקט ווי די אויגן, וואָס ווערן פון שלאָף פאַרמאַכט.

די לבנה האָט זיך אַרויסגעקלעטערט אויפן טונקל-בלויען הימל, וואָס איז מיט שטערן-שימער באַזייט געווען און וואָס אַמאָל העכער זיך אויפגעהויבן, די איז געפלויגן, ווי אַ פויגל, וואָס שלעפּט נאָך נאָך זיך אין דער לײַדיקייט די זילבערנע פליגל. אויף טייל ערטער זענען געשלאָפן וואָלקנדלעך, מיט צעפלאָשטע ווײַסלעכע קנײַלן אַרומגעהילט.

אויף דער ערד אָבער זענען אַלע באַשעפענישן, פאַרכאַסמערטע, געלעגן אין אַ שטילן און זיסן שלאָף, נאָר עפּעס אַ פויגל האָט דאָ און דאָרט זיך פּלוצלינג צעזונגען, נאָר די וואַסערן האָבן עפּעס געמורמלט ווי אין אַ חלום, און די ביימעלעך, וואָס האָבן זיך אין לבנה-שײַן געבאָדן, האָבן טיילמאָל אויפגעציטערט, ווי ס'וואָלט זיך זיי עפּעס געחלומט. טיילמאָל האָט אַ הונט אַ זאָרטשע געטאָן, אָדער אַ דורכפליענדיקע פלעדערמויז האָט מיט די פליגל אַ קלאַפּ געגעבן, און די נידעריקע דאַמפן האָבן פּאַמעלעך און זאָרגזאַם אָנגעהויבן די פעלדער, פּונקט ווי אַ פאַרמאַטערטע קימפּעטאָרין אַרומהילן.

ניט געהאַט אױפגעגאַנגען, דער הימל איז געהאַנגען אַ פינסטערער, נאָר װאָלקנלאָז, מיט שטערן באַזעצט, דורך די פענצטער האָבן אַרױסגעבליטשטשעט די פײַערלעך פון די כאַלופּעס, און װי די לײַכטװאָרימלעך האָבן זײ אין שנײ געװיבלט. װעסטערן האָט מען אומעטום פאַר די שטאַלן געגעסן, עסן האָט אױך אַ פּאַסטעך־פײַפל געשפּילט און געלעכטער האָבן זיך פון הױ־ניט־הױ צעקלונגען, די פײַגל האָבן שױן אָנגעהױבן זינגען און די פעלדער האָבן זיך צעפליסטערט מיט אַ שטיל גרילצן פון די פעלד־גרילן; און מיט די שטימען פון די װאַכטלען און אַנדערע מיני פײַגל.

בײַ די בױערינס האָט מען דעמאָלטן געגעסן פאַר דער כאַלופּע. אונטערן פענסטער האָט זיך געטומלט און ס'איז געװען פול מיט מענטשן, װאָרן האַנקאַ האָט, פאַרענדיקנדיק דאָס קאָכן, אַלע פאַרבעטן, צוגרײטנדיק אַ װאַרעמע װעטשערע. ס'האָט געשמעקט דאָס געפּרעגלטס מיט פעטשיפּאַרקעס, די לעפל האָבן מונטער געקראַצט, און דאָס קראַקעדיקע קול פון יאַגוסטינקען האָט זיך יעדע װײַלע געלאָזט הערן, װאָס האָט אױפגעװעקט אַ שטאַרק געלעכטער. האַנקאַ האָט װאָס אַמאָל צוגעלײגט צו די טעפּ, פאַרבעטנדיק מען זאָל עסן, מען זאָל זיך ניט װאַלצן, אָבער מיט דער גאַנצער נשמה האָט זי זיך אײַנגעהאָרכט צו יעדער שאָרך פון הױף, און יעדע װײַלע איז זי אַרױסגעלאָפן קוקן.

ס'איז אָבער קײן סימן ניט געװען פון אַנטעקן, זי האָט זיך נאָר אָנגעשטױסן אײַנמאָל אױף טערעסקען, װעלכע איז געשטאַנען צוגעדריקט צו אַ פּלױט און װי אױסקוקנדיק עמעצן.

מאַטעוש װידער, ניט קענענדיק זיך צונױפרעדן מיט יאַגושען, װעלכע איז הײַנט אַרומגעגאַנגען אַ פאַרמרה־שחורהטע און װי אַן חשק, האָט זיך אָנגעהױבן פאַר כּעס מיט פּעטערקן צו אַמפּערן, דערװײַל איז יענדרעק געקומען צו לױפן נאָך דער שװעסטער און געזאָגט איר, אַז די מאַמע רופט זי.

אין קורצן זענען זיך אַלע פונאַנדערגעגאַנגען, נאָר אײן מאַטעוש האָט זיך עפּעס לאַנג געזױמט, אַזױ, אַז ער איז ערשט אין אַ פּאָר שטיקל צײַט אַרום אַהײמגעגאַנגען.

עפּעס אין אַ װײַלע אַרום איז אױך האַנקאַ אַרױסגעגאַנגען.

לעבן, וואָס האָט געמאַכט לעבן באַלעבאַטים, האָט פון צייט-צו-צייט אַ געגעבן געטון, און זיך צוגעלעגט צו יאָגעשען, וועלכע איז געגאַנגען שוין אָפּגעזעסן אָן שום באַוועגונג און געדאַנק, פּונקט ווי אַ סל-סטענדיקער סלופּ.

מאַנשפּי האָט שוין נישט גערעדט, נישט געקרעכצט, פאַר אין געלעגן רויק און נסדר נאָר געפירט מיט די אויגן. דידאָ-זיקע העלע שליפּיטס, וואָס האָבן געגלאַנצט ווי צוויי גלעזער-נע אַפּלען, זיי האָבן איר נאָכגעפירט מיט אַזאַ עקשנות און אַזוי דורכגעבויערט דורך און דורך, פּונקט ווי מיט קאַלטע מע-סערס.

אינזיסע האָט זי זיך אָפּגעקערט, אויסגעמיטן די גנ-יאַלס פּאַרגעס; זיי האָבן געקוקט פון יעדן ווינקל. זיי האָבן זיך אין דער לופט אויפגעהייבן און געלויכטן אַלצייַנס פרע,ל ך און אַזוי אומגעזעעבאַר געצויגן. אַז זי האָט זיך געמוזט אונטער-ג בן ווייטער הילן, אַריינגעדריקט אין זיי, פּונקט ווי אין אַ נישט דורכזעבאַרן תהום.

און מיטאַמאָל האָט זי, ווי אַ יונגע... זיך פון דעם שרעק-לעכן חלום, יעמערלעך געבעטן...

— קוקט נישט אַזוי, וואָרן צ'וועט דאָך מיר די נשמה אַרויספליען, קוקט נישט אַזוי!

חיים איז, ר'האָט געמוזט דערהערן, וואָרן ר'האָט עס-נאָך אַ ציטער געטון, דאָס פּנים האָט זיך אים איינגעקאַרטשעט אין עפּעס אַ שטומען אויסגעשריי, די אויגן האָבן נאָך שרעקלע-כער געקוקט און איבער די בלייווע באַקן האָבן זיך אים אין עהרע טראָפּן טרערן אַראָפּגעקייקלט.

איז זי דעמאָלט אינדרויסן צעווויסגעלאָפן, אַ פּחד האָט זי אַרויסגעיאָגט.

זי האָט פון הינטער די ביימער געקוקט אויף די לאַנקעס, וואָס זענען פול געווען מיט מענטשן און פריילעכן טומל.

און זי איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַ געוויין.

זי איז געגאַנגען צו דער מוטער. אָבער ווי נאָר זי האָט דעם קאָפּ אין דער טונקעלער שטוב אַריינגעשטעקט, ווי נאָר זי

— לאָזט צורו, בעט נאָך פּייער סאָרלאָן.

פּלוצלינג האָט ער זיך גאָר צעמוטשעט, און ווען דער קאַזאַל איז אין מיטן טאָג געקומען צולויפן און אים אין די פאַרמאַכטע אויגן אַריינגעקוקט, האָט ער זיך ווידער מיט אַן אויס־טערליש שמייכעלע אָנגערופן:

— זאָרג דיך ניט, מיכאַל... אַצינד וועל איך ענק פֿון אַנטגיין... ניט לאַנג נאָך וועל איך אָפּגיין...

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און ער האָט שוין מער גאָרניט גערעדט, אָבער מ'האָט געקענט באַמערקן, ווי ער ווערט אָפּגעשוואַכט און פֿאַלט וואָס אַמאָל מער איין, האָט מען אים שוין אָפּגעהיטן, און צום מיינסטנס יאַגושיאַ, מיט גאַל. מער ס'זענען אויך עפּעס אויסטערלישע זאַכן פֿאָרגעקומען.

די האָט ראַפּטוס אויפגעהערט צו דאגהן וועגן דער מוטער, זי האָט זי פֿולשטענדיק איבערגעלאָזט אויף יענדרעקס אחריות און ווי אַ שטיין לעבן מאַן זיך אַוועקגעלייגט.

— איך וועל זיי שוין אַליין אָפּהיטן, דאָס איז מײַן פֿליכט! — האָט זי צו האַנקען און מאַגדען מיט אַזאַ קראַפֿט אויסגערופן, אַז זיי האָבן זיך איר ניט אַנטקעגנגעשטעלט. וואָרן יעדע האָט געהאַט גענוג איר אייגענע אַרבעט.

און זי האָט זיך שוין מער פֿון דער כאַלופּע ניט אַרויסגעריסן, עפּעס אַ שטומער פּחד האָט זי צוגעהאַלטן, ווי אויף אַ קייט, אַז זי האָט בשום אופֿן ניט געקענט, פּונקט ווי פֿריִער, אַוועקגיין פֿון קראַנקן.

און דאָס גאַנצע דאָרף איז אויף די לאַנקעס געווען, דאָס ווײַקאָסן האָט זיך געצויגן אומגעהערלעך. פֿון סאַמע פֿאַרטאָג אָן, אַזוי ווי נאָר דער ערשטער שטראַל האָט דעם הימל באַ־רייטלט, האָט זיך דער עולם דאָרט אַהין געצויגן; שורות פֿריִער, ביזן העמד אויסגעטאָן, האָבן ווי די באַטשאַנעס די לאַנקעס פֿאַר־לייגט. מ'האָט געשליפֿן די שערפּ, און גלאַנצנדיק מיט די קאָ־סעס, האָבן זיי גאַנצע טעג אומדערמידלעך געשניטן, גאַנצע טעג האָט מען אויך געהערט, נאָר דאָס קלינגען פֿון די געקאָוועטע

טאָג און דעם שלאָפֿן נאָך. ווײַל קבֿא צוגרייטן די בראָגעס, מיר חלין פֿאַרן פֿאַרזייען — האָט ער באַפֿוילן.

די זעקן געבליבן שטיין לעבן אים, נישט וויסנדיק וואָס מ'הייבט אָן צו טאָן, ווי מיט מזל האָט ער זיך אַ ביי: איבער געטאָן און איז אין אַגמאַכט אויף דער ערד אַראָפּגעפֿאַלן.

— האָב נישט קיין מורא, האָנוס... ס'איז מיר אַ ביסל נישט גוט געוואָרן... אַנטאָק איז אין פֿעלד. האָז אין פֿעלד? — האָט ער איבערגעחזרט, ווען מ'האָט אים צוריק אויפֿן בעטגעוואַנט אַנידערגעלייגט.

— יאָ... פֿון פֿאַרטאָג אָן... — האָט די געשטאָטלט, מיט האָבנדיק זיך אים אָקזגנצוישטעלן.

ער האָט זיך שאַרף אַרומגעקוקט און כסדר גערעדט, אָבער אויף אײן וואָרט, וואָס ער האָט גערעדט צו דער זאַך, האָט ער צען גערעדט פֿון היץ און זיך ווידער אָנגעהויבן ערגעץ צו רייסן, געצײלט זיך אָטן און די שטיקל פֿאַרלאָגטס. דאָ האָט ער זיך באַם קאָפּ אָנגענומען און אַזוי אימהדיק געקרעכצט, אַז מ'האָט אים אויפֿן חדר געהערט. האַנקאַ האָט, פֿאַרשטייענדיק, אַז עס האַלט שוין באַם סוף, געהייסן אים איבערטראָגן אין דער כאַ-לופּע אַרײַן און פֿאַרנאַכט האָט זי געשיקט נאָכן גלח.

ער איז תיכף געקומען מיטן פֿאַן יעזוס, אָבער ער האָט אים נאָר מיט דעם הייליקן אייל באַשמירט.

— כ'דאַרף ער שוין נישט, אַ ליאַדע שעה ווען ער אײַנשלאָפֿן... — האָט ער געזאָגט.

אַרום אָהנס-צו איז זיך צוזאַמענגעקומען אַן עולם. וואָרן ס'האָט אויסגעזען שוין ווי ער גוססט, אַז האַנקאַ האָט אים שוין אַ ליכט צוקאָפּנס אַרײַנגעשטעלט, אָבער ער האָט זיך ווי ס'איז באַרוהיקט און אײַנגעשלאָפֿן.

צומאָרגנס איז אויך דאָסזעלבע געווען, ער האָט דערקענט מענטשן, אײַנגעשטענהט אין פֿולן באַוווסטזײַן, דאָ איז ער גאַנץ שוין אָפּגעלעגן, ווי אַ מת. די קאָהאָלאָנץ איז נישט אָפּגעטרעטן פֿון אים. און די יאַגוסטינקע האָט אים געהאַלטן מיט חײַרדין באַריבן.

— אַה, הייסט עס, אַז דער זופּעדופּיק האָט אײַך מורא פֿאַר די פּיצרן, אַז ער באַכיט זיך אַזוי שלעכט צו מאַכן ? . . .

— צ׳האָט טאַקיש געטראָפֿן, מאַמע לעבן, דערדאָזיקער בחור האָט טאַקע צום כּײַכטנס מורא, כ׳וועל ענק באַלד דער·קלערן.

מאַמעשע האָט פּלוצלינג אָפּגעהאַקט, וואָרן פֿון דאָרף האָט זיך באַוויזן וויטעק, וועמעס כּנר איז אין איין אימפּעט געלאָפֿן.

— באַלעבאָסטע, קומט נאָר גיכער ! — האָט ער נאָך פֿונ·דערווײַטנס געמאַכט געוואַלדן.

— וואָס איז געשען ? ס׳ברענט, צי וואָס ? — זי איז בײַם שרעק אויפֿגעשפּרונגען.

— עפּעס דער באַלעבאָס שרײַט אַזוי !

זי איז פֿייל פֿון בײַגן אַהײמגעגאַנגען, נישט פֿאַרשטייענדיק לחלוטין, וואָס דאָס האָט געקענט געשען.

און אָט וואָס ס׳איז געווען. מאַטשעי איז שוין פֿון דערפֿרי אָן געווען עפּעס מאָדנע, ער האָט זיך געדרייט, בסדר געפּלאָפּלט. פֿון געלעגער אַלטמאָל זיך אויפֿגעריסן, דאָ האָט ער עפּעס געזוכט בײַ זיך, אַזוי, אַז האַנקאַ האָט, אַזעקגייענדיק איף די לאָנקעס, באַפֿוילן יוזקאָן, זי זאָל איף אים בעסער אַכטונג געבן. ער איז געלעגן גאַנץ רויִק, ביז ערשט אַרום מיטאָג·צײַט האָט ער אָנגע·הויבן צו יעלהן מיט מוראדיקע קולות.

ווען האַנקאַ איז געקומען צו לויפֿן, איז ער נאָר געזעסן אויפֿן ראַנד פֿון בעט און געשריגן :

— ווו האָט ער מיר די שטיוול פֿאַרטאַכליעוועט ! — גיטס אַהער גיכער !

— מ׳וועט די באַלד ברענגען פֿון דער קאָמער, באַלד... — האָט זי אַ דערשראָקענע אים באַרויִקט, וואָרן ער האָט אויס·געזען צו זײַן באַם פֿולן באַוווסטזײַן און גרויזאַם מיט די אויגן געפֿידעט.

— כ׳בין פֿאַרשלאָפֿן, אין דער הינטישער כאָמען אַרײַן — האָט ער זיך בײַנט פֿונאַנדערגעשענצט. — ס׳איז שוין ווײַטער

דערנאָכדעם איבער גראָז קעגן דער זון און, איבערדעקנדיק זיך מיט טיכער די קעפּ, האָבן זיי מיט נייגעריקייט אויסגעהערט.

— איך האָב מיך כסדר פֿון אָנהייב אָן געהאַלטן בײַ איינס, אַז ניטאָ היינט, איז מאָרגן מוזן זיך די דײַטשן אָפּטראָגן! — האָט פּאַטעטיש געזאָגט, אויסקראַצנדיק דאָס טעפּל.

— דער גלח זאָגט אויך ס'אײַנגעזען! — האָט האַנקאַ פֿאַר־ פֿאַקצחעט.

— און אַזוי װאָס זײַן, װי דעם דושעדושין װאָלט געפֿעלן — האָט קאָבוס רוגוזהדיק אַ װאָרטשע געטאָן, אויסציענדיק זיך אונ־ טער אַ בוים.

— װאָס הייסט. איז האָבן זיי זיך גאָרניסט דערטראָגן פֿאַר ענקערע געשרייען און װעגן ניטאָ אַנטלאָפֿן! — האָט זיך יאַ־ נאָסטשינקאַ אויף איר שטייגער אַרײַנגעמישט, אָבער עמעץ האָט אַרײַנגעװאָרפֿן:

— דער קאַזשאַל האָט נעכטן דערציילט, אַז דער דושעדושין װאָל סבלוברעסט זיך װעלן מיט אונדז פֿאַרגלײַכן.

— נאָר ס'איז מיר עפּעס אַ װוּנדער, װאָס מיכאַל האָלט איצט פֿון דאָרף.

— ער מוז דאָ עפּעס פֿילן אַ גוט חלק פֿאַר זײַנעטװעגן — האָט די אַלטע אַ שיפּע געטאָן.

— און דער מילנער האָט אויך אַפּגים אין הויף אויף דער זײַט פֿון דאָרף געהאַלטן.

— אַלץ װעגן זיי פֿאַר אונדז, די בעלי־טובות, די יחכעס — האָט פּאַטעטיש זיך אָנגערופֿן. — כ'װעל ענק דערציילן פֿאַרװאָס די האַלטן אַזוי אין איינדער װײַט: דעם קאַזשאַל האָט דער דושע־ דושין צוגעזאָגט עפּעס אין דער יד אַרײַן פֿאַר שלום מאַכן מיט ליפּצע, דער מילנער האָט זיך דערטראָגן, אַז די דײַטשן קענען צונעמען אויפֿשטעלן אַ װינטמיל אויפֿן בערגל לעבן דער פּיטער. דער קרעטשמער װידער האָפֿט אויך צו דעם פֿאַל; צוליב דער מורא פֿאַר זיך, ער װײַסט גאַנץ גוט, אַז דאָ װעט די דײַטשן װעלן זיך באַזעצן. דאָרט װעט זיך שוין קיין שום ייִדל ניט דערגײן.

דײַטשן זאָלן האָבן אײַנגעקלאַפּט דעם דושעדושיק הענט געלט און די ליפּפּער הענט באַנצן געהאַלט.

די פּיצרן האָבן זיך דאָס שױן אײַנמאָל דערפֿון אָנגע־יאָכט.

טאָקע הײַנט בשעתן מיטאָג האָט מען חענן דעם אויף די לאַנקעס בײַם אַרומגערעדט.

דער מיטאָג איז געװען הייטער און אָנגעגליטער, די זון איז געשטאַנען איבער די קעפּ, אַ צעפּלאַצטע בײַ הייסקייט, דער הימל איז געהאַנגען, מיט אַ חײַסלעכן גצפּל פֿאַרצײַן פֿון דער ברענג־דיקער היץ, ס'האָט פּשוט געזוצט מיט פֿײַער, װי פֿון אַ שרעק־לעכן אויװן. ס'מינדסטע װינטעלע האָט נישט קײן בלאָז געטון, די בלעטער זענען אַראָפּגעהאָנגען פֿאַרחלשט, די פֿייגל זענען אָנגע־שװיגן געװאָרן, מאָגערע און קורצע שאָטנס זענען געלעגן, און האָבן גאָר װײניק פֿון דער היץ אָפּגעהיטן. ס'האָט געשמעקט, נאָר פֿון די אָפּגעשניטענע לאָנקעס האָט געבלאָזן אַ שאַרפֿער ריח פֿון צעגליט גראָז. די תבואות, סעדער און הײַזער זענען געשטאַנען, װי מיט הייסע פּלאָמען אַרומגעטומען; אַלץ האָט זיך אויסגעצויגן הערט צעשמאָלצן אין דער צעגליטער לופֿט, װאָס האָט געציטערט, פּונקט װי װידיק װאַסער אויף אַ פּאַמעלעך פֿײַער, אַזױ דער טײַך איז באַמעלעכער געפֿלאָסן, און געװיס, דאָס װאַסער האָט געגלאַנצט װי צעשמאָלצן גלאָז, און אַזױ דורכזיכטיק, אַז ס'האָט יעדעס פֿי־שעלע אונטער דער פֿעדימדיקער איבערפֿלאַך אַרױסגעזען, יעדעס שטײנדעלע אויף דעם זאַמדיקן דנאָ און יעדער ראָק, װאָס האָט זיך געגראָבלט אין די דורכגעלויכטענע שאָטנס, װאָס זענען פֿון ברעג געפֿאַלן. אַ שטילקייט האָט זיך איבער דער ערד געשלעפּט מיט אַ װײניקן, אײַנשלעפֿנדיקן געזעג, בלויז די פֿליגן, װאָס האָבן לעבן די מענטשן געזומט.

די קאָסאַרעס זענען געזעסן לעבן טאָמע טײַך, אונטער אַ קעמפּע פֿון הויכע אַלכעס און געגעסן פֿון די צװיליכ־סעק. מאַ־טעושן האָט נאָסקע באַבראַנגט עסן. פֿאַר די געדונגענע אַרבע־טער האָט האַנקאַ מיט יאַשוסטינקען געבראַנגט. די האָבן זיך אָנ־

אין אָט איבער דידאָזיקע אַלע פֿ, רשידענע געשעענישן איז די פֿאַר־שנים־צײַט געװאָרן װאָס אַמאָל שװערער, צום מינדסטן פֿאַר די קאָמאַ־ניקעס און פֿאַר די איבעריקע אָרימעלײַט.

מ׳האָט נאָר געזען, אַז אויסן הײליקן יאָן־טוב קומען רעגנס און אַז אויף די פֿעלדער װעט זיך נאָך אַלץ פֿאַרזעצן, מ׳האָט שוין אפֿילו צוליב דעם מגדר געװען אויף תּפֿילות אָפּצו־ ריכטן. ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן, די טרוקעניש האָט װײַ־ טער אָנגעהאַלטן.

נישט בײַ אײנעם איז נישט געװען װאָס אין מאָך אַרײַן צו־ צישטעלן, אָבער פֿאַר דאָס האָבן נישט געפֿעלט קײן קריגערײַען, נישט קײן אַרומרײַסענישן און באַקלאַגערײַען. ס׳איז נאָך אַמאָל קײנמאָל נישט, װי הײַנט די אַלטע לײַט קענען דאָס געדענקען, פֿאַרגעקומען אין ליפּצע אַזױ פֿיל פֿאַרשידענע ספּראָװעס; דאָ האָט מען זיך געשפּאַרט װעגן די סאָגדעס צוליבן װאַ״ד, און דאָ האָבן דעם װאָיטס ספּראָװעס צװישן מענטש מחלוקתן אָנגעמאַכט, און דאָ די סכסוכים צװישן דער דאָמיניקאַנע אין דעם חזן, און דאָ די דײַטשן, און דאָ קלענערע, שכנישע אָפּשפּרײַען. ס׳איז אַזױ פֿיל געװען, אַז זײ האָבן כּמעט פֿאַרגעסן אָן די צרות, לעבנדיק פּונקט װי אין אַ קעסל־גרוב, אין כסדרדיקע רכילותן און אַרומרײַ־ סעניש.

ס׳איז טאַקע קײן װוּנדער נישט, װאָס אַזױ װי ס׳איז אָנ־ געקומען דער הײ־שנים, האָבן אַלע פֿרײַער אָפּגעזעצטעס, דאָס אָרימעלײַט איז זיך איבער די הײף פֿונאַנדערגעלאָפֿן אויפֿן פֿאַר־ דינען, און די באַלעבאַטים האָבן, פֿאַרשטאַנדיק זיך, די אױערן אויף אַלערלײַ נײַעסלעך, צו די קאַסטעס מיט פֿרײד זיך צוגע־ כאַפּט.

נאָר װעגן די דײַטשן האָט קײנער נישט פֿאַרגעסן, װײַל יעדן טאָג איז עמעץ געלאָפֿן קײן פּאָדלעשיע אויסקיקן, װאָס װײ־ סן דאָרטן.

די זעלבן נאָך געזונגען, זײ האָבן נאָר אויפֿגעהערט צו קאָ־ פּען די ברונעמס און צוציפֿירן שטײנער צו די פֿונדאַמענטן; דער קאָהאַל װידער האָט צעזעצט אין אַ געװיסן טאָג דערצײלט, אַז די

פאַרעס די הויזן ביז איבער די קני, גויסגעשטעלט זיך איינער לעבן אַנדער, און אַנספּאַרנדיק די הענטלעך אין דער ערד האָבן זיי גענומען שלײַפן די קאָסעס מיט די שטײנדלעך.

— היפּש גראָז, ווי אַ פּעלץ, — גיסט אײנער, — וועט זיך דאָ גוט דערשוויצן — האָט מאַטוש אויסגערופן, אַנידערשטעלנדיק זיך דער ערשטער און פּרוּװנדיק דעם אײַזן.

— הויך און געדיכטס, ווי ה״ר, — אַראָפּגענומען אַ שײן ביסל ווי, נאַ! — האָט דער צווייטער אויסגערופן, שטעלנדיק זיך דערלעבן.

— ס׳זאָל נאָר גאָט אַראָפּנעמען זײַן אַ שײן וועטער — האָט אַ דריטער זיך אָנגערופן, אויסקוקנדיק זײַן איבערן הימל.

— „וואָל ווער נאָר צו דער לאַנגער קאָסע צוגערעכן, ווען שוין אַ ליאָרע באַבעס רעגן אָפּגעבעט," — האָט זיך אַ פערטער צעלאַכט.

— אַזוי פלעגט זיך אַבתדיק טרעפן אין אַנדערע יאָרן, אָבער נישט הײַ יאָר! — הײב אָן, מאַטוש.

ווי האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל איבערגעצײלט, מאַטוש האָט צוגעצויגן דעם פּאַסעק, עסהאָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט, אַראָפּ-געבויגן די אַקסלען, אַנגעשפּיגן זיך אין די גאַרשטשעס אַרײַן, אָנגענומען אָסעם און מיט אַ ברײטן פאַרמעכס האָט ער אַראָפּ-געלאָזט די קאָסע, שנײַדנדיק שוין כסדר נאָכאַנאַנד, און נאָך אים די איבעריקע, אַנידערשטעלנדיק זיך נאָר אַ ביסל אין דער קרום, כדי די מיט זיך נישט אײַנצושנײַדן, די איבעריקע האָבן אויך דאָסופלעבע גענומען, אַרײַנשנײַדנדיק זיך אַזוי אין דער פאַרגאַפל-טער לאַנג׳ן און כלעפּטענדיק מיט אַ גלײַכן, רויקן האַרך מיט די קאָסעס; די קלעס שאַרפן האָבן נאָר מיט אַ סוויסטש יע-דעס מאָל אויפגעגלאַנצט און די גראָז האָבן זיך שוין אַני-דערגעלייגט, באַשפּריצנדיק זיי נאָר מיט טוי, פּונקט ווי מיט טרערן.

אַ ווינט האָט אָנגעהויבן מיט די גראָזן צו באַהעגן אין די פעלדער האָבן זיך אַמאָל יעמערלעך געטריגן איבער זיי,

זיך צוכאַפּן צו דער קלאַמקע. פּיצמרעק האָט פֿון וואָגן אַרויסגע־צויגן די אײַנגעפּאַקטע זאַכן.

— מ'קאָסטע שוין! — האָט זי זיך געפּרעגט, אַנידערזעצנ־דיק זיך באַלד אויף דער שוועל, כדי דעם יונגסטן די ברוסט צו געבן.

— פינף מאַן האָבן די נעכטן נאָך מיטאָג אָנגעהויבן, פּע־ליס, ראַפּאַל און קאָבוס אַרבעטן אַ פּאָר אַ חיב, און אַדאָם קלאַטע און מאַטעוש זײַנען געוואָרן צוגעדונגען.

— מאַטעוש גאָלאָנב! נע, נע!...

— אײַנגעראַמטן טאַקע, מיר איז אויך אַ חוגרער געווען, אָבער ער האָט אַליין געוואָלט. ר'זאָגט, אַז ער וויל ניט אַרומ־גאַנגען שוין דעם גאַרב קריגן באַם טשעשען, איז מוז ער זיך דעם רוקן אַ ביסל באַם קאָסען אויסגלייכן.

יאַגנאַ האָט אויך איר זייט דאָס פענסטער אויפגעפּראַלט און אין דרויסן אַרויסגעקוקט.

— דער כאַסט שלאָפט נאָך!

— אין סאַד ליגט ער, מיר האָבן אים ניט אַרײַנגעטראָגן אין באַנגאַכס, וואָרן אין שטוב איז שרעקלעך הייס.

— וואָס־זשע הערט זיך דאָרט מיט דער מאַכען!

— אַזוי ווי ס'איז געווען, כאָטש ס'איז איר אפשר אַ קאַפּ בעסער, יאַמבראָזשי היילט זי, ס'איז אויך געקומען נעכטן דער אָר־גאַניסט פון וואָליע, ר'האָט זי אויסגערײכערט, עפּעס שמירעכץ געגעבן און געזאָגט, אַז ביז צו נײַן ת.ג.כ. וועלן זיי געזונט זײַן, נאָר זיי זאָלן חלילה אויף דער ליכטיקער שײַן ניט אַרויס־גיין.

—דאָס איז אָפּנים דאָס בעסטע מיטל צו אַ בריי! — האָט אַ אָפּגעזעגנספּערט, דערנאָך האָט זי, געגעבן דעם קינד פון דער בעסטער ברוסט צו זייגן, אָנגעהויבן אויספּרעגן און אײַלעניש רעגן די נעכטיקע נײַעסן. נאָר דאָס האָט גאָר קנאַפּ געדוי־ערט, וואָרן ס'איז שוין העסטער געוואָרן, די שטראַלן ה.בן דעם הימל באַרײטעלט און צעשפּילט זיך מיט פאַרבן אין דער לופט, דער טוי איז פון די בײמער גראָבגערונען,

## XI

ס'איז שוין אויך אַזוי פיל טאָג געווען, אַז די גאַנציטשקע חלום האָט זיך געהאַט באַדעקט מיט א טונקעלע בלויעלעכקייט, פונקט ווי א ציטעריקע פלוים. גראָד דאַמאָלס איז האָנקע פאַרפאָרן פאַר דער שטוב, וואָס איז נאָך אין טיפן שלאָף געלעגן. אויף דעם שאַרפן געוויס אָבער פון דער בריקע ווען די קינדער אַרויס-געפאַלן מיט א געשריי און לאַפּא האָט מיט פרייד אָנגעהויבן צו בילן און פאַר די פערד צו שפּרינגען.

— און ווו איז אַנטעק? — האָט יוזקא פון דער שוועל אַראָפּ אויסגעשריגן, אַנטועגנדיק דעם וועלניאַק איבערן קאָפּ.

— מ'וועט אים טרעפן אין דריי טעג אַרום אָפּלאָן, אָבער דער וועט שוין אָן שום ספק אַהיימקומען — האָט זי רויִק אָפּגע-ענטפערט, קושנדיק די קינדער, און איינטיילנדיק זיי צו חלה-לעך.

היטשק איז אויך פון דער פערד-שטאַל אַרויסגעלאָפן, און נאָך אים דער ווערנבאַק, וועלכער האָט מיט א ציטערניש אָנגעהויבן;

אַריין, ווי אַ בוים, און זאָל זיך ווער אן עצה געבן: זאָל ווער פּרוּוון אים אַרויסרייסן.

זיי האָבן זיך פונאנדערגעזעגנט צווישן זיך, גייענדיק וואָס אַמאָל שנעלער, וואָרן פון דאָרט האָט זיך שוין געטונקלט א גרו-פּע ווייבער, וואָס זענען אַרויסגעלאָפן אנטקעגן.

— באמת, געספּאָרקעט וואָלט מען געקענט אויסשנײַדן
שנקס ווי די האָניג-פּלאַסטערן, אײנס אין אײנס, און איבערלעבן
מיט אַ שטיקל לעקעך און מיט אַ פּאַשטעט.

— אַבי די דײַטשן זאָלן גאָר צעטרעטן! — האָט דער סאָלי-
טיס אָנגעוויזן.

— וואָרנעם זענען נישט, דאָס זענען מיר שוין דערין, אַז די
פֿעלן צעטרעטן — האָט מאַטעוש פֿאַרזיכערט.

— איך וואָלט געגעבן די ערד דאָ פֿון עק, לעבן ווען —
גאַנץ פֿריטשעק אַדאָם אַ שנאַפּס געטאָן.

— און מיר וואָלט גאָר געפֿעלן אײַנגעמיש, די מיט דער
פֿיבער — האָט אַן אַנדערער פֿאַראַבעק איבערגערופֿן.

— איך וואָלט מיך פּשוט געריסן צוליב דער, צו וואָלי-
ס.

— סה, ווען מען זאָל אַזוי קריגן דאָרט אין די גערטנער
נאָבן פֿאָלוואַרק!

— וואָס פֿאַר אַ חכם, ס׳בעסטע וואָלט ער געוואָלט!

— ס׳וועט פֿאַר איטלעכן אויסקומען צו שטיקלעך — האָט
גושטלאַ באַרויקט, ווערן ווי האָבן זיך שוין געהאָט אָנגעהויבן צו
אַמפּערן.

— איב דער דזשעדזשיק וועט באַשטײן, און וועט ענק
אויסקבעבן פֿאָלעשיע, איז וואָרט אויף ענק נישט קײן קלײ-
נע אַרבעט, נישט קײן ווײניק מי — האָט זיך ראַבאַ אָנגע-
רופֿן.

— מ׳וועט זיך אַן עצה געבן! מ׳וועט זיך מיט אַלעם אַן
עצה געבן — האָבן ווי פֿרײלעך אויסגערופֿן.

— אַהאַ! ס׳איז נישט אַזוי שרעקלעך צו אַרבעטן אויף
דזשיניקע!

— מ׳וואָלט זיך אַפֿילו מיט דער גאַנצער ערד דעם דזשע-
דזשיקס אַן עצה געגעבן.

— זאָל מען נאָר געבן, וועט זיך זען.

— דער מענטש וואָלט זיך אַרײַנגעשפּאַרט אין דער ערד

אזוי, אַז די פֿאַרשידענע אויסרופֿן און דראָונגען זענען ווי די שטיינער איבער די קעפּ געפֿלויגן. עס האָבן זיך שוין אויסגעצויגן די נעגל, און נישט איינער האָט פֿון גרייטקייט אויס געציטערט, ביז ראָכאָ האָט זײַנע לײַט צוזאַמענגענומען און זיי אָפּגעפֿירט אַן אַ זייט. די פּריצים האָבן יאָ גערן נישט גערן זיך אָפּגעדרייט פֿון דער האַלב ווייטיק, און פֿאַרדריסיק, אָפּהיטנדיק די הינטנס, זענען זיי אַוועקגעגאַנגען, און הינטער זיך האָט אַ כּאַל מער שפּאָטישער איינגעשריגן.

— ווייסט געזונט, חזירישע מאָרדעס!

— און וואַרט, ביז דער רוסישער האָן וועט ענק אויס־קרייען!

— מיר וועלן דאָ אַריינגליקן צו כאַפּן אַ מאַנן מיט ענקערע פּאַנעס!

ביז ראָכאָ האָט זיי אויס געמוזט איינשטילן, אזוי שרעקלעך האָבן זיי געפּיסקעוועט.

דער בין השמשות איז אויף דער ערד שוין צוגעפֿאַלן, די זון איז פֿאַרגאַנגען, אַ קיל ווינטל האָט איבער די תּבֿואות אַ שאָר געטאָן, אַז זיי האָבן זיך איינגעבויגן, קלינגענדיק מיט די זאַנגען, די גראָזן זענען פֿייכט געוואָרן פֿון די גרויסע טויען, טענער פֿון פּאַסטוך־פֿײַפֿלעך און קינדערישע קוויטשערייען האָבן זיך פֿון דאָרף געטראָגן, אַ קוואַקען פֿון זשאַבעס האָבן זיך אין די זומפּן צעשפּילט, און אַ שטילער, שמעקעדיקער אָטעם האָט די גאַנצע וועלט איינגע־הילט.

די פּריצים האָבן זיך פּאַמעלעך צוריקגעקערט, די צעקנעפּל־טע קאַפּאָטעס האָבן פֿונקט ווי ווײַסע פֿליגל געפֿלאַטערט; די וואַ־נגען געגאַנגען רויטיק, האָט אַ ווײַלע זיך אָפּגעשטעלנדיק, עמען האָט אויפגעשווונגען, אַז די וועלדער האָבן אויס אָפּגעהילכט, אַנדערע האָבן געפּייפֿט פֿאַר נחת, דאָ האָבן זיי, איינשטענדיק, מיט די גליטשיקע שליפּיטעס די פֿאָלצשיטער ערד אַרומגעטעמט.

— דער גרונט איז לײַכט צום איינזייגן! — האָט דער עלטער קאָנאַט אויסגערופֿן.

קע טון אַ בערן וואַלד, אָדער צופֿאַלן צו די ביימער און זיך צע-
וויינען.

נאָר האַנקאַ האָט זיך דערפֿילט ווי אויסער דער גאַנצער וועלט. וואָרן אָט זענען פֿאַר איר, און נאָך איר, און אומעטום, די פֿרייען געגאַנגען רוישיק, און לעבן יעדן איינציקן טוליען זיך בײַם פֿרייד די ווײַבער און קינדער, פּונקט ווי די שוואַכע קוסאַקעס, און אָט רעדן זיי, פֿרייען זיך, קוקן זיך אין די אויגן אַרײַן, דריקן זיך איינער צום אַנדערן, און זי איינע האָט נישט צו קיינעם קיין וואָרט אויסצורעדן! דער גאַנצער עולם קאָכט פֿון זעליקייט, פֿון נישט אײַנצוהאַלטענער פֿרייד, און זי, כאָטש זי גייט אינדערמיט, פֿילט זי זיך אַזוי פֿאַרלאָזן און אומגליקלעך, פּונקט ווי דער בוים, וואָס טרוקנט אָפּ אין דער געדיכטעניש, אויף וועלכן אַפֿילו קיין קראָ מאַכט זיך קיין נעסט נישט, נישט קיין שום פֿייגל זעצט זיך אַוועק. ס'האָט זי אַפֿילו ווייניק ווער באַגריסט — ווי דען! יעדער האָט זיך געאײַלט צו ס'זײַניקע... וואָס קען זי די אָנגיין?!... און אַזוי פֿיל זענען זיי צוריקגעקומען... אַפֿילו קאָזשיאַל, אַז מען וועט ווידער דאַרפֿן צו היטן די קאַמערן און די כליוועס צו פֿאַר-מאַכן... און אַפֿילו די דאָזיקע גרעסטע אָנטרעהעצער: גושלאַ דעם וואָיטס ברודער און מאַטעוש... נאָר אַנטעקן האָט מען נישט אַרויסגעלאָזט... אפשר וועט זי אים שוין קיינמאָל מער נישט זען...

ניין, זי האָט עס שוין נישט געקענט אויסהאַלטן, וואָרן די אַלטע טראַכטעניש האָבן זי ווי מיט שטיינער צוגעדריקט, אַז זי האָט קוים די פֿיס געשלעפּט. אָבער זי איז געגאַנגען מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, שטאָלץ אויפֿן בליק און געבליקט פֿון זיך ווי שטענדיק. ווען מ'האָט אויפֿגעצויגן, האָט זי מיט גלעבן גלײַך מוזיק מיטגעזונגען; ווען דער גלח האָט די תּפֿילה אָנגע-הויבן, האָט זי די ערשטע נאָכגעזאָגט מיט די בלאַסע ליפּן. נאָר אין די לאַנגע הפסקות, ווען זי האָט דערהערט אַרום זיך די אײַנ-געשטילטע הייס־לײַדנשאַפֿטלעכע שעפּטשען, האָט זי אײַנגעגראָבן אירע מידע אויגן אין דעם גלאַנציקן צלם און איז געגאַנגען,

זיך איינזאַמע ביימער, אויסגעדאַכט אין פֿייערן צו פֿלאַקערן; עס האָבן זיך צעפֿלאַקערט די וואַסערן, וואָס זענען אין די געדיכטעניש פֿאַרבאָרגן געווען אין דער גאַנצער וואַלד און ווי אין פֿלאַמען געשטאַנען און אין בלוטיקע רויכן, אַז נאָר ערשטערווײַן דאָרט, ווו די הויכע סאָסנעס זענען אין אַ צוזאַמענגעשלאָסענער געדיכטעניש געשטאַנען און ווי די פֿייערן אויף זיך מיט די אָרעמס אָנגעשפּאַרט, — דאָרט איז אַ שוואַרצע פֿינסטערניש געבליבן, און אויך דאָרט האָט וואו־ניט־וואו ווי מיט אַ ווינציקן רעגן דורכגעלויכטן.

דער וואַלד האָט זיך צום וועג־צו אַרויסגעטריבן און ס׳האָט זיך געדאַכט, ער קוקט אויף די פֿעלדער, אויסוואַרטנדיק אין דעם זון־פֿאַרגאַנג די הויכע ביימער־שפּיצן, און ר׳איז געשטאַנען אַזוי שטיל, אַז דאָס רוישאַבן פֿון די דושעגעספּאַלן האָט דורכדרינגלעך געקנאַקט, אַ קוקאַווקע האָט ערגעץ פֿאַרביסן געקוקעט, און פֿון די פֿעלדער האָט זיך אַ פֿייגל־געשטשוויטשער דערטראָגן.

דער וועג האָט זיך ערשטערווײַז געדרייט באַם סאַמע ראַנד פֿון די פֿעלדער, אַז די פֿייערן האָבן אויפֿגעהערט צו דערציילן און צו שטופּן זיך אין דער ברודיקע באַם וועג; זיי זענען געגאַנגען אײַנגעבויגן, אַרומגעמענדיק מיט די אייגן די גרינע פֿעלדער, ווו געדיכט־בליענדיקע ביימער האָבן געפֿלאַקערט אין דעם זון־אונטערגאַנג, די לאַנגע בעטן, וואָס האָבן זיך צו זיי הכנעהדיק אויסגעצויגן, די, ווי וואַסערן, עסוואָס צעוויגטע תבואה־פֿעלדער, וואָס האָבן ווי געבויקט זיך צו די פֿיס פֿון די באַלעבאַטים מיט אַ פֿריידיקן געגריילן. זיי האָבן דאָס געפֿרעגט מיט די שליפֿיקע דידאָזיקע מאַמע־שפּייזערין, אַז ניט איינער האָט זיך איבערגעצלמט. די געלויבטע געוואַגט, אַראָפּגעמענדיק דאָס היטל, און אין אַלעמען האָבן גלייך די נשמות געקניט אין אַ שטומער, הייסער ערפֿורכט פֿאַר דערדאָזיקער הייליקער און אויסגעבענקטער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָך דידאָזיקע ערשטע באַגריסונגען האָבן זיך פֿרישע געשפּרעכן אָנגעהויבן און נײַע פֿרייד האָבן די הערצער צעטוכן, אַז ניט איינער האָט זיך אומ געוואָלט אַ וו-

זאָרגזאַם אויסגעפֿרעגט און מיט אַ נוסח חאָרט צוגעלאָזט ביז ער האָט זיך אַ פֿאַרטאָסטערטער אינטערן צלם אָנגעדערגעזעצט. און דעם שווייס און די ערלעכע טרערן אָפּגעווישט.

און דער עולם האָט זיך פּונקט ווי ווידעריק האָסטער אויס-געקאָכט.

ס'האָט אויסגעבראָכן אַ רעש, געלעכטערן, אַ טשמאָקאַשקע-רײַ, פֿרייד־געשרייען, קינדערישע פּלאַפּלערייען, הייסע ווערטער און פֿליסטערן, געשרייען, וואָס האָבן זיך ווי אַ גזוואַג פֿון די באַגליקטע הערצער אַרויסגעריסן, אויסרופֿן פֿון בענקשאַפֿט, וואָס איז פּלוצלינג פֿאַרגעסן געוואָרן: יעדער אײנציקער האָט אירן אין אַ ווייס אָנגעקלאַמערן און יעדער אײנציקער האָט זיך, פּונקט ווי אַ סאָסנע, צווישן די קישקעס געוואָקלט אין דער קופּע ווײַ-בער און קינדער, אין פֿרײַדיקן רעש פֿון געשפּרעכן און געשרייען... ס'האָט אַ שײַנע ווײַלע אַזוי געדויערט די באַגריי-סונגען און ס'וואָלט זיך געוואָלט אַזוי אָפּגעצויגן ביז אין דער נאַכט אַרײַן, ביז וואַנען דער גלח האָט זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שוין צײַט און געגעבן אַ צייכן.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צום לעצטן בערגל. מיטן וועג לעבנס דעם וואַלד, מיט נידעריקע קושאַקעס און מיט יונגע סאָסנעלעך פֿאַרוואָקסן.

דער גלח האָט אָנגעזונגען: „הארציקע מוטער", און אַלע האָבן, ווי אײן מענטש אונטערגעהאַלטן מיט אַ הייך קול, אַז דער וואַלד האָט אויס אַ קרעכץ געטאָן און מיט אַ ווידערקול אָפּגעענט-פֿערט, וואָרן אַ פֿרייד האָט די נשמה אָנגעפֿילט, געבנדיק אַזאַ קראַפֿט דער ברוסט, אַז דאָס געזאַנג האָט זיך אויפֿגעריסן ווי אַ פֿרילינגדיקער שטורעם און געפּאַטשט איבער די וועלדער מיט אַ ווײַל פֿון צעפֿלאַמטע באַגײַסטערונגען...

און ווײַל ס'איז צוגעקומען אַ שפּעטער עולם, איז האָבן זיי שוין דעם נאָענטן וועג פֿאַרפֿאַקט, זיי זענען אויך אין וואַלד גע-כאַפּט צווישן די ביימער, זיי זענען אויך איבער די פֿעלדער געגאַנגען, אַז גאַנץ פּאָדליאַשע איז פֿאַרפֿולט געוואָרן מיט מענטשן און געדרונגען מיט אַ הימל-גרייכנדיק געזאַנג.

זיך געלייגט. אונטער דער טלית, כאָטש ער האָט ויאָט אַמאָל היל.
כיקער געזונגען, האָט זיך שוין אין איין אָטעם געקוקט פֿאָרויס און די אויגן אין דעם ניטש הײסן וואַלד אײַנגעגראָבן, צווישן די ביימער באַם וועג, ווו ס'האָבן זיך שוין בפֿירוש די פּיצריש קאַפּאָטעס געווייסט.

— שטעטעס ענק ניטש גאַראָנים: די פּויערן וועלן ענק ניטש אַנטלויפֿן! — האָט דער גלח אויף די אָנגעשריגן, וואָרן ס'איז שוין אויף די פּיענטעס אָנגעטרעטן, פֿאַקנדריק זיך אײַנע איבער דער אַנדערער.

האַנקאַ, וועלכע איז געהאַט געגאַנגען אין איין ריי מיט די ערשטע באַלעבאָסטעס, האָט אויף אַ געשריי געטאָן, דערזעענ־דיק די קאַפּאָטעס, זי האָט דאָך געוווּסט, אַז זי וועט אַנטזאָגן דאָרט ניטש זײַן, און טראָץ דעם איז זי אויס־געטריסלט געוואָרן פֿון פֿרייד, און אַ פֿאַרשיכורנדיקע האָפֿענונג האָט איר פּשוט די נשמה צעזעצט, אַז זי איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון אַ זײַט, און אַ ברוודע און זיך די' אויגן אויסגעקוקט...

יאַנושאַ חידער, וועלכע איז געגאַנגען לעבן דער מוטער, האָט זיך פֿון אָרט אַרויסגעריסן, ווי נאָר צום פֿליִען; פֿייערן האָבן די אַדורכגעטומלען און אויס פֿלאַטערניש, אַז זי האָט די צײַן ניטש געקאָנט צונויפֿליסן; און די אַנדערע פּויערטעס האָבן זיך אויך ווינציק צו ווײַטערע אויסגעבינקטע געריסן. נאָר אַ טייל שיקסעס אָ' קצימלעך האָבן ניטש לאַנג אויסגעהאַלטן, וואָרן מיט אַמאָל האָבן די זיך אַ פּאַטש געטאָן פֿון דער קיפּע אַוועק, ווי דאָס וואַסער פֿון אַ צעבער אויסגעגאָסן, און ניטש קוקנדיק אויף דעם רופֿן, האָבן די זיך אַלאָז געטאָן דורכן פֿעלד צום וועג צו, אַז די ליטקעס האָבן זיי זיך אויס געחייסט.

די פּראָצעסיע איז גיך צונעקומען צו די באַרימטע צלם. נאָך וועלכן ס'איז באַלד געווען אַ בערגל, אויף דער גרענעץ פֿון די פֿעלדער פֿון די ליפּצער און דעם הויפֿישן וואַלד.

די פּויערן זענען שוין דאָרט געשטאַנען אין אַ קופּע אין דעם שאָטן פֿון די הויכע בוזאָווּסן, וואָס האָבן געמאַכט לעבן צלם; פֿון דערווײַטנס שוין האָבן זיי די קעפּ אַפּגעדעקט, און

די פֿעלדער צעטראָגן, פּונקט ווי אַ צוג פֿון פֿייגל, וואָס זענען שוין אָפּגעמאַטערט פֿון לאַנגן פֿליִען און לאָזן זיך שוין פֿאַמעלעך און וואָס אַמאָל נידעריקער אַראָפּ.

זיי האָבן זיך געשפּאַרט צווישן די גרינע פֿעלדער, ביז אַ לאַנגער און צעזוונגענער בוים, אַז די מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די מאָדליצער פֿעלדער, און אַפֿילו אויף די ווייטערע, האָבן זיך פֿון דער אַרבעט אויסגעשטעלט, אַראָפּגענומען די היטלען, רו אויף די ביימער אַנידערגעקניט, ווו ווידער האָבן זיך די בהמות צעריטשעט, אויפֿגעהויבן די שוואַרצע, האָרנדיקע קעפּ, און ווו ווידער איז אַן איבערגעשראָקענער ושרעבאַק פֿון דער מיסטער אַוועקגעלאָפֿן, אין דער וועלט אַריין זיך לאָזנדיק.

זיי האָבן נאָך געהאַט אַ פֿיצל וועג צום דריטן בערגל מיט דער הייליקער פֿיגור לעבן סאַפּאָלן־וועג, ווי עמעצער האָט מיטן גאַנצן כּוח אַ געשריי געטאָן:

— עפּעס פֿייערן גייען אַרויס פֿון וואַלד!

— און אפֿשר זענען דאָס אונדזערע?

— סאַקע אונדזערע! אונדזערע! — האָט די גאַנצע מחנה אַ זעץ אַרויס געטאָן, און בײַ אַ צענדליק פֿייערטעס האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן פֿאָרויס.

— שטייטס! פֿריִער די תּפֿילה צופֿריכטן — האָט דער גלח שטרענג באַפֿוילן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען שטיין געבליבן, איבערטרעטנ־דיק פֿון איין פֿוס אויפֿן אַנדערן פֿון אומגעדולדיקייט; זיי האָבן זיך נאָר שטאַרקער אין אַ קופּע צונויפֿגעשלאָגן, צו־טיפּקאָפּאָניענדיק זיך ווי ס'איז אויסגעקומען, וואָרן יעדן איינ־ציקן איז אַ וווּנדער, וואָס ס'האָט אים פֿון אָרט נישט אונטערגע־טריבן, אָבער דער גלח האָט נישט געלאָזט, פֿונדעסטוועגן האָט ער אָנגעהויבן שטעלן גרעסערע טריט.

אַ ווינט האָט פֿון ערגעץ אַ בלאָז געטאָן, אַז די ליכט האָבן זיך אויסגעלאָשן, די פֿענער האָבן זיך צעפֿלאַטערט, און דאָס קאָרן, די קושאַקעס און די צעבליטע ביימער האָבן זיך אָנגע־הויבן וויגן, ווי בוקנדיק זיך און צו די פֿיס פֿון דער פּראָצעסיע

דעם שווייס פון דער ליסינע. און אומקוקנדיק זיך אויף די סכנות־דיקע פעלדער, האט ער צום חבֿרים א זאג געטאן:

— הא, הא! ווי איז שוין דער ערבעס אויפגעגאנגען...

— אמת טאקע!... פריער מוז ער זיין, דאס פעלד איז באמיסטיקט, איז גייט עס אויף ווי א וואלד.

— איך האב נאך פארזעצט אין דער פאלמען־וואך, און ס׳שפראצט ערשט קיים ארויס.

— וואָרן באם דאָבראָװשעי אין דעם טאל איז קאלט, און דא איז דער גרונט וואָרעמער.

— און די גערשטן איז ווי שוין אויפגעגאנגען, און אזוי גלייך, ווי מיט א זייע־מאשין פארזייט.

— די מאָדליצער זענען גוטע גאָספּאָדאַזשעס, ווי אַרבעטן אין פעלד אויף דער היגישער מאָדע.

— נאָר אויף אונדזערע פעלדער איז נאָך קיין צייכן נישטאָ פון קיין האָבער מיט קיין גערשטן;

— ס׳איז אַלץ פאַרשפּעטיקט, די רעגנס האָבן אויף צוגעקלאַפּט, אַז נישט אַזוי גיך וועט זיך דאָס רירן.

און אָפּגעפּאַטשקעט, אַז זאָל גאָט אָפּהיטן! — האָט דער גלח שמערצלעך אָפּגעזיפצט.

— קיין געשענקט פערד קוקט מען נישט אין די ציין אַרײַן — האָט זיך דער קאָװאַל צעלאַכט.

— דע, אַבֿידראַנצעס, כ׳וועל ענק די אויערן אָפּרייסן, אַז צ׳וועט נישט אויסהערן! — האָט דער גלח אַ געשריי געטאָן אויף די שקצימלעך, וואָס האָבן געוואָרפן שטיינער אויף אַ סטאַדע קאָראָפּאַטשעס, וואָס האָבן זיך דורך די ביימער דורכגעטראָגן.

פּלוצלינג זענען די געשפּרעכן איינגעשטילט געוואָרן, די שקצימלעך האָבן זיך איבער די ברוזדעס צעלייגט, דער אָרגאַניסט האָט ווידער אָנגעהויבן צו בעטשען, דער קאָװאַל האָט אונטערגעהאַלטן, אַז ס׳האָט אַזש אין די אויערן אַ דריי געגעבן, און די ווינציטשקע קלעפּלעך פון די פּריצ־סעס האָבן זיך אין אַ יצ־מערלעכן כאָר אויפגעהויבן, אַז די ליטאַניע האָט זיך איבער

צעשפּאָלטענע חורבע, וואָס האָט באַדעקט זיינע וווּנדן מיט די יונגע צווייגעלעך. עפּעס שרעקלעך איז דאָ געווען אין פּוסט, אַז אפילו די שפּאַצן האָבן זיך דאָ קיין נעסטן און די לעכער ניט־געמאַכט; כאָטש אַרום זענען געלעגן פּרוכטבאַרע פעלדער, און דאָס בערגל איז געווען כמעט נאַקעט, די אָפּגעריסענע זייטן האָבן זיך מיט זאַמד געגעלט, און נאָר די צעוואַקסענע באַדיליעס האָבן זיך וווּ־ניט־וווּ ווי די לישאַיעס צוגעטשעפּעט און ס'האָבן אַרויס־געשטאַרט די טרוקענע באַדיליעס פון די ליכט־פלאַנצן און פאַר־יעריקע ביטלינגעס.

זיי האָבן אָפּגעריכט אַ תּפילה, קענען מנחות און שטעלנדיק אַ גיכערן טריט, האָבן זיי זיך נאָך מער אויף לינקס פאַרנומען. דורכ־האַקנדיק צום טאָפּאָלן־וועג, האָבנדיק בדעה צו גיין צום סאַכאַ־וואַלד, ווי עס האָט געפירט דאָס שמאָלע און שטאַרק אויסגעפאָ־רענע וועגל.

ווי אַ צוזאַמענגעשלאָגענע מחנה האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן, נאָר אַגאַטאַ איז בײַם בערגל איבערגעבליבן, זי האָט פאַרבאָרגע־נערהייט אָפּגעריסן אַ שטיקל שמאַטע פון צלם און, נאָכאײַלנדיק פונדערווייטנס נאָך דער פּראָצעסיע, האָט זי עס צעטפּעטערהייט באַגראָבן איבער די סטעושקעס צוליב עפּעס אַן אָבערגלויבן.

דער אָרגאַניסטער האָט אָנגעהויבן זינגען די ליטאַניע, און דער עולם האָט פּלעפּעריק אונטערגעכאַפּט, אַזוי, אַז נאָר ווער־ביסט־ווער האָט מיטגעזונגען, איינער אַליין, האָבן די פויערטעס האָבן אין דער שטיל איינגעטענהט, נאָר אויף דעם אָרט, ווו מ'האָט געדאַרפן האָבן זיי מיט אַ געשריי אַ וואָרף געטאָן: — די מתפּלל פאַר אונדז! — די קינדער ווידער האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט פאָרויס, און שטיפעריש אַרומגעלאָטשעטעט, אַז פּיעטרעק די בוני־רינעס האָט, אומקוקנדיק זיך אויפן גלח, אויס אַ פּרוקע געטאָן, אויסער זיך פון כעס

— אַביודראַבנעס, יוכנעס! אַכמאַגנעס!... וואָרן כ'נעם אַראָפּ דעם פּאַסיק!

דער גלח, שוין ווײַזנדיק שטאַרק מיד, האָט אָפּגעהיסט.

די תבואות זענען שוין אָפּגעגאָלדס געוואָרן, די באַליבטע ביימער האָבן שאָטנס געוואָרפן. דער ליפּצער סטאַוו ווידער האָט ווי אַ בעגליסטע שויב געווייסגעבליסטשעט פון די סאַדער-ביימער, וואָס זענען מיט אַ שוימעדיקער ווייסקייט פון בליִען געווען אָפּגעשיט. דאָס דאָרף איז געלעגן נידעריקער, פּונקט ווי אויף דער דנאָ פון אַ גרויסער שיסל און ס'איז אַזוי מיט ביימער פאַרשטעלט געווען, אַז נאָר הוי-נישט-ווי האָט מען אַ גרויען שייער געקענט דערזען; איין קלויסטער נאָר, וואָס האָט זיך מיט ווייסע ווייסע טירן איבער אַלץ אויפגעהויבן און מיטן גאָלדענעם צלם אויפן הימל געלויכטן.

אויף רעכטס ווידער פון די גייענדיקע האָבן זיך פּלאַכע פעלדער פונאַנדערגעגאָסן, פּונקט ווי די נישט אַרומגעצאַמטע גרוי-גרינע וואַסערן, פון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעשטאַרט דערפער, וואָס זענען מיט געדיכטע קעמפּעס ביימער פאַרבאַליט געווען, וועג-צלמים און ביימער, יאָס וואַקסן איינזאַם. די אויגן האָבן זיך געטראָגן אַהין ווי די פייגל, אָבער זיי האָבן נישט דערגרייכט אין דעם אומברייטנדיקן פלי קיין אַנדערע גרענעצן, אַ חוץ די וועלדער, וואָס האָבן זיך געקוואַרצט אַרום.

— ס'איז עפּעס צו שטיל... ס'זאָל אַמאָל קיין רעגן נישט קומען באַנאַכט... — האָט דער גלח אָנגעהויבן.

— ס'וועט נישט זיין: ס'האָט זיך פיין אויסגעלייטערט און ס'בלאָזט אַ קילקייט.

— ס'האָט איבערדערפרי געגאָסן, און אַצינד איז שוין פון וואַסער קיין סימן נישטאָ.

— ס'איז דאָך וויאָסנע, איז מיטן קיק טרוקנט זיך אויס — האָט דער קאָוואַל ווייטער אַריינגעוואָרפן.

זיי זענען צוגעקומען צום צווייטן בערגל, אַ ווינקלדיקס. דאָס איז געווען גרויס, ווי אַן אָנגעשיטע קופּע; ס'האָט געזאָגט, אַז אונטער אים ליגן געהרגעטע אויף אַ מלחמה. אַ נידעריקער צלם איז אויף אים געשטאַנען אַ וואַקלדיקער אויבנאָן, אַרומגעשלייערט נאָך מיט פאַראַיאָריקע קראַנצן און בילדלעך, פאַרצירעוועט מיט פּאַפּיר-הענגלעך, פון דער ווייט ווידער האָט זיך געמאָליעט אַ צעפּילטער,

דער גאַר אַ הגזל האָט זיך ערגעץ פֿון אונטער אַ קוטאַק אָפּגעריסן; און אויף בלינד זיך אַוועקגעלאָזט.

— די ווינטער־תבואות גייען גוט אויף — האָט דער גלח אַ שעפּטשע געטאָן.

— באַ! כ'האָב שוין נעכטן געפּאַקט דאָרט אַ לעבעדיק פּיענטעלע.

— און ווער האָט דאָס אַזוי אָפּגעפּאַטשקעט!... האַלב מיסט איז דאָך אויפֿן אַקער!

— מוז זיין עפּעס אַ קאָבאַרניצעס קאַרטאָפּליעס, גלייך די וואָלט מיט אַ קו געאַקערט.

— די בראָנע וועט דאָך אַלץ אַרויסשלעפּן, פּאַסטקאָושעס, יונגעס!

— ס'טייטש דאָס האָט דאָך דעם דאָבראָדושעס פּאַראָבעק פֿאַראַקערט — האָט דער קאָוואַל שטיל אַריינגעוואָרפֿן.

דער דאָבראָדושעי האָט זיך אַ חרף געטאָן, אָבער אָנשטאָט געהאָרן און, צווינגענדיק דעם עולם, איז ער געלאָפֿן מיט די אויגן איבער דעם אומגעהייערן אויסטוס פֿון די פּרוכטבאַרע פֿעלדער, וואָס וועגן אויסגעאַרבעט און ערטערווייז עס־האָט אויפֿגעבלאָזן, פּונקט ווי די ברוסטן פֿון אַ ווינדריקער מוטער, זיי האָבן אויסגעזען ווי צו אָטעמען און ווייטער אויפֿשוועלונג, כדי אַז וואָס עס וועט איד גאָר צו דער אָטעמער שוים צוכאַלן, וואָל עס זיך קענען דערנערן און צוזיליען, און אינם שרעקלעכן גורל פֿאַרגעסן.

העי! ברייט, און ווייט, און גערוימיק האָבן זיך די אויגן געטראָגן, אַז די גאַנצע פּראָצעסיע האָט זיך גאָר אויסגעצויגן, ווי אַ צוג פֿון מאַרעווקעס צווישן די תבואות, און די שטימען פֿון די מענטשן האָבן אויך אַזוי פֿיל אויסגעמאַכט אין די פֿעלדער, ווי דאָס טשוויטשערן פֿון די לערכעס.

די זון האָט זיך שוין צו מערב־זייט איבערגעקאָלערט, אַז

גלייכצייטיק האָט אויך דער גלח איבערגעלייענט אַ תפילה קעגן האָגל און באַשפּריצט מיט הייליק וואַסער אַלע פֿיר זייטן פֿון דער וועלט: אי די ביימעלעך, אי די ערד, אי דאָס וואַסער, אי די קעפּ, וואָס בייגן זיך אַזוי הכנעהדיק, דידאָזיקע גאַנצע וועלט, וואָס איז געציטערט מיט אַ שטילער פֿרייד פֿון וואַקסן, און די קראַפֿט, און דאָס גליק, אַלץ, וואָס האָט זיין מזל אָנגעהויבן און אַרץ, וואָס טוט ס'איז.

דער עולם האָט אַרויסגעדונערט מיט אַ נײַ געוואַג און פֿריילעכער און לעבעדיקער זיך אויפֿגעהויבן.

זיי האָבן זיך ווייטער געלאָזט גיין, געשטאַנדיק זיך אויף איינמאָל ליגנקס, אין דער ברייט פֿון די לאַנקעס, עס האָט באַרג־אויף. די קינדער האָבן זיך נאָך אַ ביסל לענגער פֿאַרהאַלטן, וואָרן געלבאַטעס חברה מיט חיטעקן האָבן, לויטן אַלטן מנהג, אָפּגעאַרבעט אויף בערגל אַ טייל שקצים אַ פּנסטע מקזה, אַז ס'האָט זיך אויפֿגעהויבן אַזאַ געוואַלד, אַז דער גלח האָט זיי פֿון דערווייטנס געגע־אָשעט.

און נאָך די לאַנקעס זענען זיי אַרויסגעקומען אויף דעם ברייטן בהמות־וועג אויף דער גרענעץ, און אַ געדיכטעניש פֿון שלאַנקע יאַלאָווע־ביימלעך, וואָס זענען געוואַקסן אין צק, ווי אויף דער האַר פֿון די פּרוכטבאַרע פֿעלדער. דער בהמות־וועג איז געווען ברייט און געדרייט זיך דאָ אַהין, דאָ אַהער, פּונקט ווי אַ טייך, מיט אַ גרינע פּאָליע גראָז, וואָס איז געדיכט אָנגעשטיפֿט קעתצס געווען מיט בלימעלעך, אַז אַ ־ילו אין די אַלטע אויסגעפֿאַרענע צייטנס האָט געה מלט פֿון געלע מילכבלימלעך און ווייסע מאַרגאַריטקעס. מו־נישט־ווו האָבן זיך אויסגעשפּרייט גרויסע באַרעזקע־קושאַקעס, וואָס זענען געווען באַוואַקסן מיט דערנער, און ווו ווידער זענען אײַנזאַם געשטאַנען ווילדע באַרנביימער, אײַנגעאַנגען אין בליטן געפּגעטונקט און אין בינען־געזומס צעזונגען און צעפֿלכע אָן אַ שיעור הערלעכע און הייליקע, ווי די האָזמיטע, וואָס האָבן זיך איבער די פֿעלדער אויפֿגעהויבן, אַז ס'האָט זיך געוואָלט אויס קניען פֿאַר זיי און קושן די ערד, וואָס האָט זיי אויף דער וועלט אַרויסגעגעבן.

טרויסטע פייגל, מיט די געל־רויטע פליגל, דער צלם האָט זיך גע־וויגט פאָרויס, און די צעזונגענע שטימען האָבן זיך פאַרגליטן אין דער שטילער, דורכזיכטיקער לופט צעטראָגן. אַראָפּפאַלנדיק אויף די גראָזן, אויף די קעפּעלעס העל־גרינע וואַסער־צווייגלעך, אויף די דערנער־קוסטאַקעס, וואָס זענען איינגעגאַנגען געווען איינגע־זונקען אין ווייסן בליִענדיקן פונקט ווי אין ווייסע הייליקע קיט־לען.

דאָס וואַסער האָט געפּליוסקעט און די ברעגעס, וואָס איז פאַרבונדן אין געדיכטע געוויקסן באַוואַקסן מיט בליִענדיקע. גלייך ווי עס וואָלט שטיל באַגלייט די געזאַנגען און די אויגן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פאָרויס, אין די ווייסקייטן פון העלן הימל, אין דעם טייך, וואָס איז צעבליִען פון גאָלדענע שטראַלן, און די דערפער, וואָס האָבן זיך אויף די בערגיקע הויכקייטן אַרויסגעוויזן, און אין די ווייס בליִענדיקע סעדער, וואָס האָבן זיך ווי אַ סטעלע קיט אין דער בלויִקער לופט אָנגעוויזן.

דער גלח מיט זיינע באַהעלפערס זענען געגאַנגען האַרט לעבן צלם און געזונגען גלייך מיט אַלע.

— עפּעס אַ סך ווילדע קאַטשקעס פליִען אַרויף! — האָט ער אַ שעפּטשע געטון, קוקנדיק זייטיק אויף רעכטס.

— דורכפליִענדיקע קרייז־קאַטשקעס — האָט אָפּגעענטפערט דער מילנער, קוקנדיק אויף יענער זייט טייך, אויף דער פּלאַץ, וואָס איז פאַרוואַקסן געווען מיט גרעז, פאַריעריקע ראָר־שטעקנס און מיט צלכעס, פונוואַנען ס׳האָבן זיך כסדר נאָכאַנאַנד גאַנצע סטאַדעס שווער צום פליִען אויפגעהויבן.

— און באַטשאַנעס איז עפּעס מער דאָ ווי פאַראַיאָרן.

— זיי האָבן וואָס צו פרעסן אויף מיינע לאָנקעס, איז שלעפּן זיי זיך צוזאַמען פון דער גאַנצער וועלט.

— און איך האָב מיינעם אָנגעוווירן, איז די סאַמע תבואה איז ער מיר ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן.

— ר׳האָט זיך געמוזט אַוודאי צוטשעפּען צו אַ סטאַדע, וואָס איז דורכגעפלויגן.

זירן. מיכאל דעם אָרגאַניסטערס האָט געטראָגן דאָס הייליקע וואַסער מיטן שפּריצער. יאַסבראָווסקי האָט פֿונאַנדערגעטיילט די מיטהעלפֿער ליכט, און דער אָרגאַניסטער מיטן ביכל אין דער האַנט, האָט זיך אַנידערגעשטעלט לעבן האָבראָדוסקי, וועלכער האָט געגעבן אַ צייכן. און זיי האָבן אָנגעהויבן גיין אין שטילשווייגן איבערן פֿונאַנדערגעבליטן דאָרף, לעבן סטאַוו, אַז אין שטילן וואַסער האָט זיך אויס די גאַנצע פּראָצעסיע אָפּגעשלאָגן.

אַ שפּאַר ביסל פֿריערס און קינדער האָבן זיך נאָך פֿאַראייניקט אויפֿן וועג, נאָר צום סוף אָבער האָט זיך דער מילנער מיטן קאַפּלאַן צום גלח צו דורכגעשטופּט.

און נאָר אויף צום סוף, הינטער אַלע, האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַגאַטאַ, צי־היסנדיק אָפּס, און דער בלינדער דוואָר האָט זיך אויף די קוליעס געשליאַקט, נאָר פֿון דער בריק האָט ער זיך צוריק אומגעקערט און ער איז אַפּנים אין קרעטשמע אַריין אַוועקגעגאַנגען.

ערשט נאָך דער מיל, דאָס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, וואָרן אויף דער פֿאַרמעליקטער מילנער־שטעג איז צוגעשטאַנען צו דער קאַפּליצע. האָט מען אָנגעצונדן די ליכט, דער גלח האָט אָנגעטאָן דאָס שטורצע, קאַנטיקע הימלע, זיך איבערגעצלמט און געהייבן דעם ערשטן טאָן:

זיי האָבן אונטערגעהילכט פֿון גאַנצן האַרץ, וויפֿל אייניקער האָט נאָר געקענט, און געלאָזט זיך לענגאויס דעם טייך, מיט די לאָנקעס, וווּ ס'איז נאָך פֿול געווען מיט קאַלוזשעס, און ערשטער־הייט איז געווען אַזוי זומפּיק, אַז מ'איז ביז די קנעכלעך אַריינגעפֿאַלן. פֿאַרשטעלדיק מיט דער האַנט די ליכט, זענען זיי דורכגעגאַנגען איבער אַ שמאָלן וועג, פּונקט ווי אַ ברייטע קרעלן אָפּגעזרייט פֿון רויטע, געפּאָסטערטע וועלניאַקעס.

דער טייך האָט געשימערט אויף דער זון אין בלענדנדיק זיך געדרייט צווישן די גרינע לאָנקעס, וואָס זענען וווּ־ניט־וווּ אָנגעשטעקט געווען מיט קנאָספּן פֿון געלע און ווייסע בלימלעך.

די פֿענער האָבן געוויעט איבער די קעפּ, פּונקט ווי די

ליכט, פונקט ווי מיטערנאַכטע הענט וואָלטן פּיעשטשענדיק אַ קינדס צימל געגלעט.

ס'איז טאַקע געוואָרן אַן אמתער יום־טוב, וואָרן נאָך מיטאָג איז שוין קיינער נישט אין פעלד אַרײַן צו דער אַרבעט אַרויסגעגאַנגען, אַפילו די בהמות האָט מען פון דער פּאַשע צוריקגעטריבן, אַזוי, אַז נאָר ווער־נישט־ווער פון די אָרימע האָט זײַן מאַגערע שפּייזערין אַרויסגעפירט אויף אַ שטריקל, צו פּאַשען ערגעץ אויף די סטעזשקעס אָדער אין די רוינעס.

און ווען די זון האָט זיך איבער עטלעכע טויערן אָפּגעקאָלערט פון מיטאָג, האָבן זיך די מענטשן אָנגעהויבן צוזאַמענקלײַבן פאַרן קלויסטער, זיי האָבן זיך אויסגעוואַרעמט הינטער די מויער, אײַנטונקענדיק אין דער שטיל, פונקט ווי די פייגל, וואָס טשוויטשערן אויף די קלאַנגען און אויף די ליפּעס, וואָס האָבן אין אַ היכן קרײַז אַרום בײַם דאַך פון קלויסטער געגרייכט מיט ווײַטע צווייגן, וואָס זענען קוים מיט גרינס געזייען אָפּגעשיט. די זון האָט ניעשקעהדיק געבאַקן, ווי עס איז געוויינטלעך נאָך אַ פרימאָרגן־רעגן. די פויערטעס זענען יום־טובדיק אויסגעשליפערטע געשטאַנען אין קופּקעלעך, און אַ טייל האָבן מיט פאַרבענקטקייט אָפּגעקוקט פון הינטער דער מויער אויפן טאָפּאָלן־וועג אַרויס, און דער בלינדער דזשאַד ווידער איז צוזאַמען מיטן הינטל געזעסן אין מויער פון צמענטאַרש און פרומע לידער קרעכצנדיק אויסגעצויגן, מיט די אויער, געשפּיצט אויף אַלע זייטן און געקלימפּערט מיטן שיסעלע צו די אַרײַנגייענדיקע.

באַלד איז אויך אַרויסגעקומען דער דאָבראָדושני אין ווײַסן גלחים־העמדל אָנגעטאָן, און אין דעם גלחים־בגד, אין בלויזן קאָפּ, אַז די ליסינע האָט אים אויס אויף דער זון גע־בלאַנקט.

פּיעטרעק באַרינעס האָט געטוועט דעם צלם, וואָרן יאַם־בראָזש וואָלט נישט באַוויזן אַזאַ שטיק וועג צו לויפן, דער וואָיט ווידער, דער סאָלטיס און איינע פון די פענסטערס טיקסעס האָבן אַרויסגעטראָגן די פענער, וואָס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אויפן ווינט אײַנצווויקלען, צו פלאַטערן און צו בלישטשען מיט די קאָ־

זי אַחי ער גיט אויף באַרג פּאַרדומפּענע קאַסע, און פֿאַר בתלפ
גאַרט ער אויף אַפּ אויף דער חוג. דערנאָך חידער, האָט זי שוין
בשותּפות מיט דער קאָלאָחע אָפּגעהוזקט פֿון גאַנצן דאָרף, נישט
אַחורכלאָוגריק אפילו דעם דאָבראָרושני, און יעדערן אַחורכבע־
שלעפּט מיט די בײַזע צונגען, חי דוחק די שטעכיקע דער־
נער...

די גושעלאָחע האָט געפּרוווט אַ טייל צו פֿאַרטיידיקן, אָבער
די קאָלאָחע האָט זי פֿאַרשריגן

— עך ועגס גרייט אפילו צו פֿאַרטיידיקן אותלכע, װאָס
טרעבן קלויסטערס אויף...

— װאָרן יעדער מענטש אָן אונטערשיד דאַרף האָבן מ׳זאָל
אים פֿאַרטיידיקן! — האָט זי ליבלעך אַ שעפּ־שע געטון.

— און צום מיינסטנס שוין גושעלאַ פֿאַר ענקער מאַגלאָחי־
ניצע...

— נישט עך דאַרפֿט לערנען אָרנטלעכקייט, װאָס עך ועגס
בײַרטעק קאָושיאָלס חייב!... — האָט זי צאָרניק איסגעשריפֿן,
שטאָלץ זיך איסגלייכנדיק.

אַלע האָבן זיך איבערגעשראָקן, װאָרטנדיק, אַז זיי װעלן
אַ שפּרונג טון איינע דער אנדערער אין די קודלעס אַרײַן. אָבער
די האָבן זיך נאָר אַ קוק איבער געגעבן מיט אַ פּאָר שרעקלעכע
שליפּיעס. נוט — װאָס װיטעק איז אין דער רעכטער צייט אָנגע־
קומען צו לויפֿן אויף מיטאָג רופֿן און די קוישן צוזאַמענעמען.
װאָרן פֿון נאָך מיטאָג אָן האָט געזאָלט זײַן אַ שטיקל יום־טוב.

די האָבן שוין װײַניק־װאָס גערעדט אפילו באַם מיטאָג, װאָס
האנקא האָט געהייסן אויפֿן גאַניק דערלאַנגען, װאָרן די זון האָט
זיך שוין אײַנגעגאַנגען געהאַט אַנטפּלעקט, די גאַנצע װעלט האָט איינ־
געשטראַלט, און אַלע דעכער און בליצנדיקע ביימער, װאָס האָבן
איסגעזען חי מיט װײַסינקן שניי באַפּרישנט — האָבן זיך אין
דער װאַרכדיכטיקער, שמעקעדיקער לופֿט געבאָדן...

דער טאָג האָט זיך איסגעשפּייט אַ װאַניקער און אַ שטילער,
דער חינט האָט געװאָס איבער די ביימלעך געטאַנצט, אָבער אַחי

ענטפערט, אומזיסט זיך שטעלנדיק אויף די שפּיץ פינ־
גער.

— ווי איז דאָס מעגלעך אַזוי גיך!... זיי וועלן נישט דאַנושען ביז ס'וועט פינסטער ווערן... ס'איז אַ בהלה וועג..

— און פינף קרעטשמעס אויף די שיידוועגן! — האָט יאַ־גוסטינקע אויף איר שטייגער חוזק געמאַכט.

— אָרימע נעבעך, אויסגעפּײַניקטע, ווי ליגט זיי דאָרטן קרעטשמעס אין זינען!

— אַזאַ לאַנגע צייט זיך אָפּגעצערט, זיי האָבן זיך דאָס אָנגעפליסן...

— זיי האָבן זיך אַזוי פיל אָנגעפליסן, וואָס זיי וועלן גע־שלאָפן אין דער וואָרעם און געגעסן איבערן מיל אַריבער...

— ס'דען, זיי האָבן אַזוי פיל נאַסקייט בעגאַסן, פּונקט ווי די חזירים, וואָס מ'פּאַשעט זיי אויף פּאַקוסיוועס מיט פּלע־הצעס.

— בלויז אַ טרוקענע קאַרטאָפליע צו עסן און אויף דער פרײַ צו זײַן — האָט גושלעס חייב אויסגערופן.

— ס'האָט מיר שוין אײַנמאָל אַ טעם אַזאַ פרײַקייט!...
נו, דער אָריכאַן האָט אַזוי פיל דע־פּען, וואָס ער מעג זיך פּטרן פון הונגער, ווען עס געפעלט אים, וואָרן קיין שטראָף דערפאַר הייסט מען אים נישט צאָלן, נישט דער סטראַזשניק וועט אים דערפאַר אין קרימינאַל אײַנזעצן!... — האָט זי געהאַלטן אין איין חוזק.

— אמת, מײַן טײַערע, אמת! אָבער וואָס גלות איז פאָרט גלות!...

— אָבער וואָס אַרבעט מיט פּעסס. איז נישט קיין ייִדן פון אָשינע־האָלק! — האָט די יאַגוסטינקע זיך נאָכגעקרומט, און אַלע האָבן אַזש מיט אַ געלעכטער אויסגעגוזעט.

זי האָט זיך מיט עפּעס אָפּגעענטפערט קעגן דער פּיליפּקען, אָבער וואָס זי זיך דען געקענט אויסגלײַכן מיט אַזאַ פּיסקאַטער און אַזאַ פּליאַדערן! יאַגוסטינקע האָט אָפּגעהוזקט פון איר תּיפיף ס'איז נאָך אַריין און זי האָט אָנגעהויבן דערציילן מעשיות וועגן פילגער

נאָר טײלמאָל האָט זי זיך פּלוצלינג אַ גלײַך אויס געטאָן, פּונקט ווי אַ באַרגנבֿים. װאָס איז מיט בליצן באַשאָטערט. גלײַכט זי אויס אויף דער כּיעדוס אינטערן דרוק פֿון ווינט און גיט זיך אַ קאַפּ אַ וואַקל. און קוקט אויף דער וועלט מיט טרויגעטער אויגן, און ווײַנט מיט אַ ווײַט, שטעקעדיק בליצן איבער די זע־ווינטע. ריינע תבֿואות, און אפֿשר דערמאָנט ער זיך אָן דעם שרעקלעכן ווינטער...

יאַנוש האָט נאָך אַמאָל, אַמאָל וועגן אַנטעקן געטראַכט, און אָפֿטער וועגן יאַסיאַס גליענדיקע אויגן און יאַסיאַס רויטע ליפּן אין זכרון איר אויפגעשטאַנען, און יאַשיאַס ליבלעכע שטי־מע האָט זיך אין האַרץ אַזוי זיס אָנגערופֿן; אַז די אומעטיקייט איז צעשטויבן געוואָרן, און ס'איז איר ליכטיקער געוואָרן, אַז ווען זי האָט זיך שטאַרקער צו דער ביים אײַנגעבויגן, האָט זי זיך מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון פֿאַרבענקטקייט אַרײַנגעלאָזט אין דידאָזיקע דערינערונג. וואָרן זי האָט שוין געהאַט אַ־טבֿע, פּונקט אַזוי ווי די בייגיאַמע טשמיעלינע אָדער ווילדע האָפּ; וועלכע מוזן זיך שטענדיק אָנשטעפּן אָן עפּעס אַ צווײַג אָדער לעבן אַ דערהייבענעם שטאַם זיך אַרומדיקלען — כּדי זיי זאָלן קענען וואַקסן און בלוען, און לעבן — ווערן זיי אָבער אָפּגעריסן פֿון דערדאָזיקער אונטערשטיצונג און ווערן איבערגעלאָזט אײנע אַליין, איז דער סוף ווײַטערער. אַז זיי ווערן אויסגעשטעלט פֿון דעם ווינט צופֿאַל פּאַ־ציקט צו ווערן.

און די קאָבאָרניצעס. אַנסודנדיק זיך שוין געוווינט אויף איר חשבון, האָבן, ווײַל ס'איז נישקשהדיק וואַרעם געוואָרן, אַראָפּגע־וואָרפֿן פֿון די קעפּ די פּלאַכטעס און די פּאַטשײַלעס, און לע־בעדיקער אָנגעהויבן אײַנציטשענהן, אָפּטער זיך אויסצוגנדיק, און מיט בענקשאַפֿט דעם מיטאָג אויסקוקנדיק...

— קאָלצאַווא, ען ווענס דאָך העכער — איז ניטאָ אַ ספֿק, צי מען וועט ניט די פֿירן אויף דעם סאַמאָלן־חצג!

— ס'הערט נישט און מ'עסט נישט! — האָט זי געבע־

האָט זי א ברוקע געטאָן, פילנדיק זיך שלעכט, וואָס יעדע אײנציקע האָט ווי א משוגענע אירן אָפּגעהאַרט...

זי האָט אַרײַנגעכאַפּט א בליק צו דער מוטער. יענדרושיק איז נאָך ניט געווען, דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך ערשט פון געלעגער אַראָפּגעשלעפּט, דעם אונטערגעהאַקט; פּיס האָט ער נאָך געהאַט מיט שמאַטעס אַרומגעוויקלט. ער האָט א קײַשל אויף דער שיסל אויסגעפּלױכן און צוגעפּייפּט צו די סראָקעס, וואָס זענען אויף די פּלויען אַרומגעקראָכן.

— חייסט שוין יאַגיש, אנדערע לייט קומען צוריק!...

— ס'סייטש, ווי די סראָקעס, דערציילט שוין, די גאַנצע וועלט דאָס אייגענע!

— הייסט, און נאַסטושיאַ גייט פּשוט פון זינען : ראַט. וואָס שיכעק קומט אויך צוריק...

— פּאַרוואָס עפּעס? — זי האָט שטרענג מיט די שליפּערס א בליטשטשע געטאָן, אויף דער מוטערס שטייגער.

— אי... גאָרניסט... אוי, דער פּוס האָט מיר ווידער אָנגעהויבן ווי טאָן... — האָט ער בורא'דיק א קרעכץ געטאָן. — ס'זילבערנע שטשערווענע — ער האָט א וואָרף געטאָן מיט א שטע־קעלע אין פּעדערהויז אַרײַן אויף די צעקוואָקעטע הינער.

ער האָט בלויערט דעם שמאַרצנדיקן פּוס פֿון אַנדערנעריבן, און הכנעהדיק אין איר פּנים געקוקט, וואָס איז אויסטערליש פֿאַר־פינסטערט געוואָרן.

— ווו איז די מאַמע?

— אין דער פּעצבאָניע איז זי געגאַנגען... יאַגיש, ווען נאַסטקען האָט זיך מיר נאָך גלאַט אזוי אַרויסגעגליטשט...

— ביסט א נאַר, ר' מיינט, אז קיינער ווייסט ניט דערפון! די וועלן התונה האָבן און פּאַרטיק...

— אי, די מאַמע וועט דען געבן א דערלויבעניש דערויף, אז נאַסטוש האָט מער ניט ווי א מאָרגע?

— אז זי'ר וועט זיך פרעגן, וועט זי אים ניט דערלייבן. ס'רעדן, ר'האָט שוין אויף זיך יאָרן, דער בחור, איז דאַרף ער שוין אויך האָבן זין, שכל, כדי צו וויסן וואָס און ווען...

— יעזוס, אַזעלכער וואָלט דאָך זיך מיט די שליפּיצעס אין אַמצע גיהנום אַריין פאַרגירט..

זי האָט זיך אָפּגעשאָקלט ווי פון יאַשיאַס ברענענדיקע בליקן.

— דעם אָרגאַניסטערס זון, און ווי אַ פּרינץ זעט ער אויס... און ר׳וועט ווערן אַ גלח, אפשר וועט מען אים אַמאָל נאָך קיין ליבע געבן!..

זי האָט זיך אומגעקוקט: די בריקע איז שוין פאַרשוווּנדן געוואָרן, דאָס גערויש האָט זיך נאָך דערטראָגן און די שטימען פון די באַגער־סינגען, וואָס מ׳האָט זיך מיט די פאַרבייגנדיקע דורכ־געשריִשט.

— אַזאַ יונגער שיינער, נאָך אַ קינד כמעט, און לאָז ער אַ קוק טון, איז גלייך ווי אַן אַנדערער וועלט אין דער הייליקער אַרומ־געשוועמען. אַז ס׳כאַפּט אויף אַ ציטעריש אָן און אין קאָפּ הייבט זיך אָן צו מישן...

זי האָט אויפגעציטערט, באַלעקנדיק זיך די רויטע ליפּן און שטייף זיך אייסציענדיק, מיט גלוסטיקייט...

אַ קעלט האָט זי פּלוצלינג אַרומגענומען. אַצינד האָט זי ערשט באַמערקט, אַז זי שטייט אין הוילן קאָפּ, באָרוועס און כמעט אין איין העמד, וואָרן זי האָט נאָר געפּאַסט אַ צעריסן טיכל איף די פּלייצעס געהאַט. זי איז רויט געוואָרן אַ פאַרשעמטע און זי האָט גענומען זיך זייטיק אַהיימכאַפּן.

— די פּויערן קומען צוריק, צ׳הייסט שוין! — האָבן גע־שריגן צו איר די שיקסעס פון די הייף, דאָ די פּויערטעס, דאָ די קינדער אפילו, און אַלע זענען געווען פאַרסאָפּעט און פון פרייד קוים געזשיפּעט.

— סאָ איז וואָס! — האָט זי שוין מיט כעס כמעט צו איי־נער אויסגעשריגן.

— זיי קומען צוריק!... דאָס איז ווייניק! — האָבן זיי זיך פאַרוואונדערט אויף איר קאָלטקייט.

— ס׳איז אַזוי פיל ווי מיט זיי, ווי אָן זיי! נאַראָנים! —

וועלכע ס'איז אין פעלד אַריין געגאַנגען; ס'האָט אפילו די געגנט פאַרגעסן אַרויסצוטרייבן אויף די ראָדעס, אַזוי, אַז זיי האָבן גע-וואַלדיק געשריגן איבער די הייף, די קינדער ווידער, וואָס ס'האָט די הײַנט אויף דער פרײַ אָפּגעלאָזט און ס'האָט זיי נישט אײַנ-געהאַלטן, האָבן אויף די וועגן אָפּגעטאָן אַזעלכע שטיק, אַז וויי גאָט אָפּהיטן! די עלטערע האָבן מיט לאַנגע שטעקנס אַרומגע-טאַרעט זיך אויפן טאַזאַלן-וועג, גראַבעשטשניק זיך אויף די ביי-מער און אַראָפּשטופּנדיק די קראָען-נעסטן אַזוי, אַז די איבער-געשראָקענע פייגל האָבן ווי וואָלקנס פאַרזעצט הויך אַרומגעקרייזלט מיט אַ יאָמערלעכן, שמערצלעכן קראָקע; און אַנדערע ווידער, די קלענערע, האָבן אַרומגעיאָגט דעם ג״חס בלינדע פערד, וואָס איז געווען צוגעשפּאַנט צו אַ פּאַס אויף אַ שליטן, ווילנדיק אים מיט איכפּעס אַראָפּיאָגן פון הויכן באַרג אין טאָל אַריין, נאָר דאָס קלוגע פערד האָט זיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון זיי. נישט איין מאָל, שוין בײַם סאַמע ברעג, איז עס אויף להכעיס שטיין געבליבן, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, טיף געזאָרן אויף די אַלע געשרייען, געדולדיק זיך אָפּשאָקלענדיק פון דער בלאָטע און ברודיקע ערד, וואָס זיי האָבן אים נישט געזשאַלעוועט. אָבער קיים הגם עס דערפילט, אַז מ'קריכט אים אויפן פּאַס אַרויף און מ'דערלאַנגט פרין צום ציימל, האָט עס מוראדיק אַ הירזש גע-טאָן און זיך אויפגעטראָגן; אַ פאַרקירצטע סוענדיק זיך פלוצלינג אין דער גרעסטער מחנה ווייסע חבריניקעס, אַז זיי זענען זיך מיט אַ געשריי צעלאָזן. אַ שיין שטיקל צייט האָבן זיי זיך אַזוי פאַרשפּילט, ביז לסוף האָבן זיי אים פאַרט פאַרגאַרט, אונטער-שטופּנדיק אים אונטער די נאָזלעכער און אָנגעצונדענע ווייכעכטס אַז דאָס פערד האָט זיך אַ דערשראָקנס אַ וואָרף געגעבן אָן אַ זייט, פּונקט אַקוראַט קעגן באַרינעס פאַרבאַכטן טויער. ער האָט אַרויסגעזעצט דאָס טויער און זיך אַזוי אין דעם מיט די אָרטשי-קעס פאַרפלאָנטערט, אַז זיי זענען צוגעפאַלן צו אים פון דער גאַנץ און געגעבן שמירן מיט די בייטשן וויפל ס'איז נאָר אַריין.

ס׳וואָלט די גוים געהאָלפן אין די לייסטן צעבראָכן. וועגן נישט

פֿרייען, עס זענען געפֿלויגן פֿריידיקע באַגריסונגען, ספּערן האָבן
געהירזשעט, די פּאַרטרעקנטע רעדער האָבן געקוויטשעט, די הינט
האָבן געבילן, נאָכיאָגנדיק זיך פֿאַרביסן נאָך די ווערעבאַקעס, און
א פּויער, שטאַרקע פֿרייד האָט אַלע הערצער אָנגעפֿילט און איבער
דער ערד זיך געטראָגן — און אויף דעם צעאַקערטן פֿעלד אויף
קאַרטאָפֿליעס, אויף די גערשטן-פֿעלדער, אויף די קאָרן-פֿעלדער,
אויף די ווילד פֿאַרוואַקסענע שטיקער פֿעלד איז מען געשטאַנען
אין מיט א פֿרייליכן געשפּרעך, רויִק און הילכיק, ווי צום
טאַנץ.

מיכאַל איז אַלץ שטיל געווען, די בייטשן האָבן גע-
טייטשעטעט, די אָרטשיקעס האָבן א קלונג געטון, די פֿערד האָבן
זיך אויסגעשטייפֿט, און די נאָך פֿאַרזשאַווערטע אַקעראייזנס האָבן
זיך אָנגעהויבן פּאַמעלעך אין דער ערד איינצושנײַדן און אַרויס-
צוּוואַרפֿן די ערשטע שוואַרצע און גלאַנציקע שטיקער ערד, און
דער עולם האָט זיך איינגעגלייכט, אָפּגעשטעלט, איבערגעצלמט
זיך, א פֿיר געטאָן מיט די אויגן איבער די פֿעלדער, זיך איינגע-
בויגן און צו דער אַרבעט און מי זיך גענומען.

א פֿאַרשטענדיק פֿרומע פֿון הייליקע שטילקייט האָט די פֿעל-
דער אַרומגענומען, ווי א גאָטעסדינסט וואָלט זיך אָנגעהויבן אָפּ-
צוריכטן אין דעם דראָזיקן אומגעהייערן קלויסטער. דאָס פֿאָלק האָט
זיך מיט הכנעה צו די ביימער צוגעדריקט, אָנגעשטיגן געוואָרן אין
מיט א האַרציקן זיפֿץ געוואָרפֿן די הייליקע, פּרוכטבאַרע זאָמען,
פֿאַרזייעט די מי אויף דעם פּרוכטבאַרן מאָרגן, דער מאָגן ערד
זיך איינגעזאַנגען און מיט פֿולן בטחון אָפּגעגעבן.

הצי! און ווידער האָבן די ליפּצער פֿעלדער אויפֿגעלעבט,
די האָבן זיך דערוואַרעמט נאָך די באַלעבאַטים, די בענקענדיקע,
האָרן ווי ס'איז האָט נאָר געקענט דערגרייכן. פֿון די וואַלקנדיקע
וועלדער אויס ביז די הויכע פֿעלדער-גרענעצן, איבער דער גאַנ-
צער ערד איז דערדאָזיקער גרוי-גרינלעכער, פֿאַרנעפּלטער לופֿט,
גלייך ווי אויסגעטרן וואַסער, האָט אויס געטריפֿלט פֿון די רויטע וועל-
גיאַקעס, געפּאַסטעכעטע וויון, ווייסע קאָמאָצעס, איינגעזייטע פֿערד
אין די אַקעראייזנס און פֿערן אויף די סטעזשקעס.

דורכבויערנדיק מיט די שליפּיצעס די פּיראָבקעס און די קאָמאַר-ניצעס האָבן זיך צונויפֿגעשלאָגן אין אַ באַזונדערער קופּע, ווי די קי-ראָפּאַטקעס, נישט האָבנדיק די העזה זיך צו שטופּן אונטערן גלחס אויגן, וועלכער האָט זיך באַהיט; ער האָט אַלע באַגריסט און צו-זאַמען מיט ראַבאָן האָט ער אָנגעהויבן אײַנצוסדרן, וועלכער ס'האָט צו פֿאָרן אַרבעטן אין דער אָדער יענער כאַל פּז, אַכטונג געבנדיק נאָר, אַז מ'זאָל אײַנקוואַטירן רײַכע צו רײַכע.

ער האָט דאָס אַזוי מיטן קוק אײַנגעסדרט, אַז ס'איז נישט אַ ריר קיין האַלבע שעה, און כ'האָט שוין געהאַט די פּיצען פֿו-נאַנדערגעריסן, פֿאָרן קלויסטער זענען נאָר איבערגעבליבן די פֿאַר-ייִנגטע קאָמאַרניצעס, וואָס האָבן בחנם געוואַרט, אַז אַבער זיי וועט אויך עמעצער אײַנספּאַלן, און דאַרף ווידער האָט זיך געמאַכט אַ גערודער: מ'האָט אַרויסגעשטעלט בענק פֿאַר די כאַליפֿעס. דער-לאַנגדיק אין איין אַ טעם דאָס אָנבײַסן און מכבד זײַענדיק מיט בראָנפֿן אויף גיכער מהותתשאפּס. די שיקסעס האָבן גערן באַ-דינט, קוים זיך צורירנדיק צום עסן, וואָרן דאָס רובֿ זענען דאָס געווען פֿאַראָבקעס און אַזוי אויסגעשלײַערט, ווי זיי וואָלטן אויך אַ וועכן, נישט אויף קיין אַרבעט געקומען צו פֿאָרן.

ס'איז נישט געווען קיין צײַט אויף צו שמועסן און זיי האָבן בלויז אויסגערעדט דאָס, וואָס זיי האָבן געגעסטערט פֿון וועלכן דאָרף זיי זענען, ווי אַזוי זיי הייסן, זיי האָבן אַפֿילו ווייניק וואָס גע-געסן, מיט אַ פּאָליטישנעם אויסרייד מכּל-מינים, אַז זיי האָבן נאָך נישט פֿאַרדינט אויף קיין בעסער אָנבײַסן.

אײַנגיכן מאָל האָבן זיי, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די פּיערטעס, אָנגעהויבן אַרויסצופֿאָרן אין די פֿעלדער אַרײַן.

ווי אַ פֿײַערלעך וואָלט נאָר וואָס זיך אויף דער וועלט גע-מאַכט.

די פּוסטע און פֿאַרשטאַרטע פֿעלדער האָבן אויפֿגעלעבט, שטימען האָבן אָפּגעקלונגען, פֿון אַלע הייף האָט מען אַרויסגע-שלעפּט פֿורן, מיט אַלע וועגלעך האָבן זיך געצויגן עקפּראַיִנעס, מיט אַלע סטעושקעס האָבן זיך מענטשן געשיט, וואָס און אויסגעטשעט, וואָרן די סטרעדער און וואָרן די פֿעלדער האָבן זיך געטראָגן גע-

אין צומאָרגנס, קוים וואָס דער פֿאַרטאָג האָט די דונקלער אָפּ-געווייסט, איז שוין דאָס דאָרף גרייט געווען. פֿון די קיכענס האָט געוויכערט, די שיקסעס זענען ווי פֿאַרסמטע איבער די כאַלופּעס אַרומגעלאָפֿן, די שקצימלעך ווידער האָבן זיך איבער די לייטערס אויף די דעכער אַרויפֿגעדראַפּעט, און געקוקט אויס, ווען אַ־ווײַט, אַ יום־טובדיקע שטילקייט איז אויפֿן דאָרף געפֿאַלן. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ וואָלקנדיקער, אָן זון, נאָר אַ וואַרעמער און פֿעטע אָן אויסטערליש פֿאַרבענקטער. די פֿייגל האָבן אָן אויפֿהער איבער די פֿעלדער געשוויטשערט, די מענטשלעכע שטימען זענען אָנגעשוויגן געוואָרן, שוין זיך באַוועגנדיק אין דערדאָזיקער אָנגעוואַרעמטער, בייטשלעכער לופֿט.

די האָבן לאַנג געוואַרט, וואָרן ערשט דאַמאָלס, ווען מ'האָט בײַ דער מאָרגן־תּפֿילה אָנגעהויבן קלינגען, האָט זיך אַ טריב גע-רויש פֿון די וועגן צעטראָגן, און פֿון אונטער די בלויע, שיטע-רע געפֿלעצן האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסשיסן אַ רייע מיט פֿורן.

— מ'פֿאָרט פֿון וואָליע!
— מ'פֿאָרט פֿון זשעבקע!
— מ'פֿאָרט פֿון דעמביצע!
— מ'פֿאָרט פֿון פּושילענקע!

האָט מען געשריגן פֿון אַלע זײַטן, אַרויסלויפֿנדיק אַקעגן פֿאַרן קלויסטער, ווו די ערשטע פֿורן זענען פֿאַרפֿאָרן. און אין קירצן איז דער גאַנצער פּלאַץ געווען פֿאַרפּאַקט מיט מענטשן און נעטפּאַגעס. די פֿירערן זענען יום־טובדיק אָנגעטוענע אַראָפּגעשפּרונ-גען פֿון די פֿורן, וואַרפֿנדיק באַגריסונגען צו די פֿויערטעס, וואָס זענען פֿון אומעטום אָנגעקומען, די קינדער ווידער האָבן ווי שטענ-דיק אָנגעמאַכט אַ געטומל, אַרומרינגלנדיק די נײַגעקומענע.

און זיי זענען באַלד געגאַנגען צו דער תּפֿילה, וואָרן אין קלויסטער האָט שוין דער אָרגל געשפּילט.

און אַזוי ווי דער גלח האָט נאָר פֿאַרענדיקט, האָט זיך כמעט דאָס גאַנצע דאָרף אַ שיט אַרויס געטאָן פֿאַרן טויער פֿון צווענטאַרזש אונטער דער גלאָקן־טורעם. די באַלעבאָסטעס האָבן זיך אַרויסגע-שטעלט פֿאָרויס, די שיקסעס האָבן זיך געדרייט פֿון דער ווײַט,

רינגעס, האָט האַנקאַ, וועלכע איז ווידער געלעגן, פילנדיק זיך שלאָף, שטיל אים אַ זאָג געטון:

— די אויגן גליִען ענק ווי אין אַ קראַנק...

— כ׳בין געזונט, נאָר פריילעך, ווי קינדאַל אין לעבן נאָך ניט. שטעלט ענק פאָר: אַזוי פיל פּייערים וועלן זיך אַ סך אָנטון אויף צוויי טאָג קיין ליפּצע, אַז זיי וועלן די וויכטיקסטע אַרבעט אָפּטון. און ווי אַזוי זאָל מען זיך ניט פרייען!

— כ׳איז מיר נאָר אַ ווונדער, אַז אַזוי אומזיסט, אָן באַצאָלטס, פאָרן בלויז שיינעם דאַנק וועלן זיי אַרבעטן... אַזאַ מעשה איז נאָך ניט געשען...

— און פאַר אַ שיינעם דאַנק טאַקע וועלן זיי קומען אַרבעטן, ווי פאַר רעכטפאַרטיקע פּאָליאַקן און קריסטן פּאַסט! אוודאי, אַז נאָר קיינמאָל איז דאָס ניט געשען. אָבער צוליב דעם טאַקע געוועלטיקט דאָס שלעכטס אויף דער וועלט. ס׳וועט זיך נאָך פאַרענדערן צום גוטן, צ׳וועט זען! דאָס פאָלק וועט קומען צום פאַרשטאַנד, ס׳וועט זיך כאַפּן, אַז ס׳איז זיך נישטאָ אויף וועמען אַנדערש צו פאַרלאָזן, אַז קיינער וועט אים ניט העלפן, נאָר ער זיך אַליין, אונטערשטיצנדיק איינער דעם אַנדערן בשעת אַ נויט! און דעמאָלט וועט ער זיך איבער דער גאַנצער ערד, ווי דער אָפּבאַזינגבאַרער וואַלד צעוואַקסן; און זיינע פּיינט וועלן ווי שניי פאַרשווונדן ווערן! צ׳וועט זען, ס׳וועט קומען אַזאַ צייט! — האָט ער אויסגערופן, שטראַלנדיק אינגאַנצן און די הענט ערגעץ אויסציִענדיק, גלייך ער וואָלט געוואָלט מיטן האַרץ דאָס גאַנצע פאָלק אַרומנעמען און מיט ליבע אין איין ניט צעברעכבאַר, בינט צוזאַמענבינדן..

אָבער ער איז באַלד אַנטלאָפן, וואָרן זי האָט אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן: ווער ס׳האָט אַזאַ ווונדער באַוויזן, אַז זיי קומען מיט הילף? ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן דאָרף, וואָרן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט זיך אין די כאַלופּעס געלויכטן, ווייל די שיקסעס האָבן זיך גענומען די יום־טובדיקע קליידער צוגעגרייט, ריכטנדיק זיך, אַז ס׳וועלן אַ שפּאָר ביסל פאַראַבקעס אָנקומען.

פון אָנפאַנגס האָט זיך דאָס נישט געלאָזט גלייבן, אָבער ווען אויף דער דאָבראָדושנע איז אַרויסגעגאַנגען איבערן דאָרף און האָט יידעלעך באַשטעטיקט — האָט אַ פרייד אַרויסגעזעצט גויש־ די מענטשן אַז שוין אין בין השמשות, ווען דער רעגן האָט אויפ־ געהערט, און נאָר די קאַלוזשעס האָבן זיך גערייטלט פון די זון־ פאַרגייענדיקע שטראַלן וואָס האָט זיך דורך דעם נעפּל דורכגע־ ריסן, האָבן די ווענט אָנגעהויבן ווימלען פון מענטשן. ס׳האָט הילכ־ דיק מיט פריידיקע אויסגעשרייען. ס׳האָט אויפגעקאָכט אין די כאַלופּעס פון די געשפּרעכן. מ׳איז געגאַנגען צו די שכנים איבער־ צוטראַכטן און אויסצווווּנדערן זיך איבער דער דאָזיקער נייעס, פאַרגעסנדיק לגמרי אָן די גנבות און די האָבן זיך אַזוי האַרציק געפרייט מיט דער דאָזיקער אומגעריכטער הילף, אַז מ׳האָט אפילו ווייניק דער די הייניקע נאַכט געהיטן.

צומאָרגנס, ווי ס׳איז קוים נאָר טאָג געוואָרן, איז שוין דאָס גאַנצע דאָרף געווען אויף די פיס; מ׳האָט צוגעריכט די כאַ־ לופּעס, מ׳האָט זיך געוואַשן צום באָדן ב׳רייט. מ׳האָט צורעכט גע־ מאַכט די ווענט. מ׳האָט געשמירן קאַרטאָפּליעס צום זעצן, מ׳איז געגאַנגען אין פעלד אַריין צו צעוואַרפן דאָס מיסט, וואָס איז גע־ לעגן אין קופּעס — און אין אַ סך כאַלופּעס האָט מען זיך גע־ וואַשט וועגן עסן און טרינקען פאַר די אומגעריכטע געסט, וואָרן די האָבן פאַרשטאַנען, ווי אַזוי מען דאַרף זיך בכבודיק צו שטעלן, באַלעבאַטיש־מעסיק, אַזוי, אַז צוליב דעם האָט נישט איין הון, אָדער גענדזל, וואָס איז אָנגעגרייט געוואָרן צום פאַרקויפן, דעם האַלדז געגעבן און נישט ווייניק האָט מען אין דער קרעטשמע און אין דער מיל אויף באָרג אָנגענומען. ווי פאַר אַ גרויסן יום־טוב עפּעס האָט זיך אין ליפּצע גערודערט.

און ראָכע, אפשר דער, וואָס האָט זיך צום מייסטנס געפרייט אַ ביסל גערירט געוואָרן, האָט זיך אַ גאַנצן טאָג איבערן דאָרף אַרום־ געשאָרן, אינטערעסירנדיק נאָך דאָ און דאָרט מען זאָל זיך צו־ גרייטן, און ער האָט אַזוי געשייגט און צו אַלעמענס וווּנדער, אַזוי באַגרעסונדיק געווען, אַז ווען ער האָט אַריינגעבליקט צו די בעל־

די צייכנס, וועלכע זענען ערשט הינטער די פארברענטע סטיינער, באַם אראָפּדרייען זיך קיין פּאָדלעסיע פּלוצלינג: פארפאַלן געוואָרן, אַז ס׳איז קיין אופן ניט געווען זיי אָפּצוזוכן.

אָבער דידאָוויקס גנבה האָט אַזוי אַלע פאַרוואָרגט געמאַכט, אַז כאָטש דער טאָג איז געווען ווייטער אַ הערלעכער, פונדעסטוועגן; האָט זיך וויניק ווער גענומען צו דער אַרבעט. זיי זענען אַרומגע־קראָכן ווי די אָפּגעזעצטע, געבראָכן די הענט, באַדויערנדיק די באַלצערקאָווא, און, וואָס אַמאָל זיך מער אַדורכגענומען מיט דער שרעק וועגן אייגן האָב און גוטס.

די באַלצערקאָווא ווידער איז געזעסן בײַ דער פערד־שטאַל, ווי פאַר דער טרומנע, די איז אייפּגעשטיאַלן געוואָרן פון ווייגן און קיים שוין אָטעמענדיק, האָט זי פון צייט צו צייט אַרויסגע־זעצט מיט אַ געיאָמער:

— אָ, מיין איינציקער קאַסטאַן, מיין טייער פערדעלע, מיין בעסטער פאַראָבניק! ס׳טייטש אין זעכצן יאָר איז ער דאָך ערשט געווען, כ׳האָב דאָך אים אַליין פון אַ זשריביע אָן אויפגעכאָוועט, ווי אַן אייגן קינד, ס׳טייטש ער איז דאָך אין זעלבן יאָר געבוירן געוואָרן, וואָס מיין כסאָך! און וואָס ווע׳ן מיר איצט, יתומים, טון אָן דיר, וואָס

זי האָט אַזוי יעמער׳עך געקלאָגט, אַז ווער ס׳איז געווען; אַ ווייכערער האָט מיטגעוויינט מיט איר צוזאַמען, באַדויערנדיק דעם היזק, וואָרן אָן אַ פערד איז ווי אָן אַ האַנט, און איבערהויפּט איצטער אויף וויאָסנע און ווען די פריערן זענען ניטאָ.

אין פאַרשטייט זיך, אַז די שכנטעס האָבן זיך אַרום איר אַרומגעזעצט, טרייסטנדיק זי פון גאַנצן האַרץ, און אינאיינעם בענק־מען דערמאָנען דעם קאַסטאַן, לויבנדיק אים אָן אַ שיעור.

— אַ שיין פערד איז דאָס געווען, אַ שמאַרקס נאָך, און ווי אַ קינד, אַזוי מילד.

— ר׳האָט מיר, קומט, מיין שנעל צעקאָפּעט, אָבער אינדער־אמתן איז עס געווען אַן אויסגעצייכנטער וואַלאַך.

— אמת, ר׳האָט געהאַט אַ גליץ איבערן פוס און אַ קאַפּ בלינד־

— ס'האָט נישט קיין אַנדערער צוגעגנבֿעט, נײַן! — האָבן זיך ברייטהאַרציקע קולות אָפּגערופֿן.

— אַהינלויפֿן צו זיי אין אָפּטײל, און אָנקוקן זיי די גנבים! — האָט די גאָלבאַסאָװאַ געהאַלטן רייד.

— איך מוז דערמאָנען פֿאַר אַזאַ עולה!

און אומגעהײַער געשריי האָט אַרויסגערופֿן צו דער טיר, וואָס איז גראָד אויפֿגעגאַנגען, זיי האָבן אָנגעהויבן פּלאַקן פֿון די פֿלײַסן אַרויסצוריסן, טרײסלען מיט די פֿויסטן, דרייען זיך אויף איין אָרט, דאָ ערגעץ אַרויסלויפֿן פֿאַרויס מיט אַ געשריי, ווי אַ נײַע עסק האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן.

די סאָלטיסטעכע איז אַרויסגעלאָפֿן מיט אַ געוויין. אַז מ'האָט איר אויך אַ וואָגן פֿון הויף אַראָפּגעגנבֿעט.

זיי זענען ווי פֿאַרשטיינערט געבליבן, גלײַך ווי אַ דונער וואָלט ערגעץ אין דער נאָנט אַרײַנגעשלאָגן. אַ לאַנג שטיק צײַט האָבן זיי נאָר אָפּגעזויפֿצט, פֿונאַנדערשפּרייטנדיק די הענט און קוקנדיק אויף זיך מיט אויפֿגערעגטקייט.

— אַ פֿערד מיט אַ וואָגן האָבן זיי צוגעגנבֿעט, נו, אַזאַ מעשׂה איז נאָך אין דאָרף נישט געשען

— ערשט אַ שטראָף איז אויף ליפּצע אַראָפּגעפֿאַלן.

— און וואָס אַ וואָך איז ערגער!

— פֿריער איז דורך יאָרן אַזוי פֿיל נישט געשען, וואָס איצטער דורך איין חודש.

— און ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן, ווער ווייסט! — האָבן זיי מיט שרעק צווישן זיך געשעפּטשעט.

מיטאַמאָל האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן נאָכן סאָלטיס אין דער באַלעבאָקאָוועס סאַד אַרײַן, וווּ מ'האָט בפֿירוש אָנגעוויזן צייכנס פֿון פֿערד־טריט איבערן טוי און איבער דער פֿרישער ערד, אַרויף ביז צו דעם סאָלטיס שײַער; דאָרט האָבן די גנבים דאָס פֿערד צוגעשפּאַנט צום וואָגן און אַרומקרײַזנדיק איבער די פֿעלדער, זײַ־נען זיי לעבן מילנער אַרויסגעפֿאָרן אויפֿן וועג, וואָס גייט קיין וואָליע.

אַ האַלב דאָרף איז געגאַנגען, באַטראַכטנדיק אין דער שטיל

— אין דער נאַכט, זאָגט מען, גנבֿענען זיי ניסים.

— ווי עס גערעדט זיי, מיט צוויי יאָר צוריק זענען זיי אויך דאָרט געשטאַנען, און זיי האָבן סאַכען צוגענומען אַ חזיר... מען טאָר זיך נישט פֿאַרלאָזן דערויף! — האָט האַנקאַ געוואָרנט — און ווען די שיקסעס זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען, האָט זי אָפּגעהיטן די שקצים, אַז זיי זאָלן גיט נאָך זיך די שטאַלן פֿאַרמאַכן אין די פֿערד־שטאַל. און ווען זי האָט זיך אומגעקערט, האָט זי אַרײַנגעבליקט אין פֿענצטער זײַט אַרײַן, צי יאַנושקע איז שוין דאָ.

— גיב נאָר אַ לויף, יוזקאַ, נאָך יאַנעקן, זאָל זי אַהיימקומען, כ'וועל נישט איבערלאָזן היינט די טיר אויפֿגעפּראַלט אויף אַ גאַנצער נאַכט.

אָבער יוזקאַ האָט אינדערגיך איבערגעגעבן, אַז בײַ דער דאָמיניקאַנען איז פֿינסטער און אין דאָרף שלאָפֿט מען שוין כמעט אומעטום.

— כ'וועל זי נישט אַרײַנלאָזן די אַרומלויפֿערקע, זאָל זי זיך ביז אינדערפֿרי אינדרויסן איבערנעכטיקן! — האָט זי געדראָעט, פֿאַרריגלענדיק די טיר.

ס'האָט שוין געמוזט סאַקן זײַן זייער שפּעט, ווען זי האָט דערהערט דאָס רײַסן בײַ דער טיר. זי האָט זיך אַראָפּגעשלעפּט עפֿענען און זי האָט אויס אַ טרעט צוריק געגעבן. אַזוי האָט פֿון יאַנעקן אַ ווינט געטאָן אַ ריח פֿון בראָנפֿן. זי האָט ניש־שהריק געמוזט זײַן אָנגעשיכּורט, ווײַל זי האָט לאַנג געטאַפּט בײַ דער קליאַמקע אײדער מ'האָט געהערט. ווי זי האָט זיך אין שטיב פֿאַרשטעלט אָן פֿאַרשידענע זאַכן אין איך דאָס, אַז אַזוי ווי זי איז געשטאַנען אין געגאַנגען האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אין בעט אַרײַן.

— טה! איינעם אַ טײַוול וואָלט זי זיך שוין בעסער נישט געקעגנט לאָזן הוילגעיין, נע, נע!...

אָבער די דרויסנדיקער נאַכט איז שוין נישט באַשטימט געווען זי זאָל רויִק אַדורכגיין, וואָרן ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן האָט זיך דאָס דאָרף אויפֿגעטרייסלט פֿון אַזאַ געוואַלד און געשריי, אַז ווער ס'איז נאָך געשלאָפֿן, איז גיין אין העמד ביז

פאַראַיאָרן געווען אויפן אָטפּוסט, איז נישט געקראָכן אויף אַלע פיר, ר'האָט נישט געבילן!...

— דער נישט-גוטער האָט אים אין זיין נעץ אַריין געטענצן, דער גלח האָט פון אים אַרויסגעטריבן דעם טייוול.

— יעזוס, אויף דער וועלט געפינען זיך דאָס אַזעלכע זאַכן, אַז די הויט ווערט אויס גערינצלט!...

— וואָרן דער נישט-גוטער לאָקערט אומעטום, ווי דער וואָלף לעבן שעפּסן.

אַ פּחד האָט איבער די הערצער אַ ווייל געטאָן, אַז זיי האָבן זיך נאָך מער צוזאַמענגעדריקט, און וויטעק, וועלכער איז אינגאַנצן איפּגעציטערט געווען פון שרעק, האָט שטיל אַ שעפּטשע געטאָן:

— און בײַ אונדז סטראַשעט אויך עפּעס...

— באַטשקע נישט, נאַר, גלאָט אין דער וועלט אַריין! — איז די יאַגוסטינקע אויף אים אויפגעוויצן.

— כ'וואָלט געוואָגט דען, אַז ס'גייט פאָרט עפּעס אַרום אין דער פערדשטאַל, שיט צו אַבריק, די פערד הירזשען... און גייט הינטער דעם סטויג אַוועק, וואָרן כ'האָב געזען, ווי לאַפּאַ איז דאָרט אַהינגעלאָפן, געוואָרטשעט, געדרייט מיטן וויידל און צוגעלעקט זיך, און קיינער איז נישט געווען... דאָס מוז פּעוונע קובעס נשמה אַהערקומען... — האָט ער שטילער צוגעגעבן, אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן.

— קובעס נשמה! — האָט יוזקע אַ שעפּטשע געטאָן, אָצלמנדיק זיך איינמאָל נאָכן אַנדערן.

אַלע האָבן אויפגעציטערט, אַ פּראַסק האָט די בײַנער דורכגענומען, און ווען עפּעס אַ טיר האָט אַ סקריפּע געטאָן, זענען זיי אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי. דאָס איז האַנקאַ אויף דער שוועל געבליבן שטיין.

— פּיעטרעק, און מוז שטיין דאָס די ציגײַנער! — מ'האָט געזאָגט אין קלויסטער, אַז זיי זיצן אין וואַלד נאָך באַרינעס צײַט.

— מ'דאַרף צו היטן באַנאַכט, אַז זיי זאָלן אַמאָל עפּעס נישט אַרויספירן.

— ס'דען, כ'האָב דיך זוי מיט דײַן שװעסטער, דו גנבטע!

— זי װאָלט שױן ניט קיין עין הרע געזען, װען ד'װאָלסט זי געװען אַרײַנגעלאָזט — האָט יאַגאַ מיט אַ כּאָך אַ שמײכעלע געטאָן.

— זי װאָלט אָבער געזען עפּעס צוגעגנבט. אוצלכע װעסט ניט דערהיטן, װאָלסט איר אַפּליק אויף די הענט קוקן, און אַז צ'װילט שױן קאַרטן לייגן, איז יאַגאַס שױן נאָך איר נאָך.

װי ס'װײַזט אויס, האָט זי איר אַרײַנגעטראָטן אין פּינקל אַרײַן, װאָרן יאַגאַ האָט זיך איפּן דאָרף אױסגעדרײטן און דעם גאַנצן װינטיקדיקן נאָכמיטאָג איז זי נאָך די ציגײַנערקעס נאָכגע־קראָכן. זי האָט זיך בשום אופן ניט געקענט פון קאָפּ אַרױסװאַרפן עפּעס אַ פאַרשטיקטן מורא, און ניט געקענט איבער זײַן די נײַגע־ריקײט פון קאַרטן זיך לייגן. אַז אפשר װײַסט האָט זי זיך געקענט אומקערן אין דער כאַלופּע אַרײַן און װידער זיך נאָכגעיאָגט נאָך די נאָכגעיאָגט, אַז ערשט אַרום בין השמשות, װען די ציגײַ־נערקעס האָבן זיך אין װאַלד אַרײַן אױסגעלאָזט, האָט זי דער־זען, װי אײנע איז אין דער קרעטשמע אָפּגעשטעלט. האָט זי זיך געהײסן קאַרטן לייגן, ניט קוקנדיק אויף די מענטשן, װאָס זענען באַם שענקטיש געשטאַנען.

אין חנם, נאָך דער װעטשערע, װען זיך צו יוזקען צו־זאַמענגעקומען עטלעכע שיקסלעך, איפּן גאַניק אַרויף און אויסגע־שמועסט זיך װעגן די ציגײַנער, דערציילנדיק, װאָס זײ האָבן אַלץ יעדער אײנציקער צוגעטראָפן: אַז מאַריסיאַ באַלצערקאָװן האָבן זײ פאָרױסגעזאָגט, אַז זי װעט ביז דער צײַט פון קאָפּן חתונה האָבן, נאָכסטקען — אַ גרױס גוט מיט אַ מאַן, אַליסען מאַכװינע, אַז אַ חתן װעט זי אָפּנאַרן, דער גראָב־בײַכיקער װעראָנקאַ באַרט־קאָװען, אַז זי װעט קראַנק זײַן, סטראַסקען, דער װעלנערקע װי־דער...

— פּעחונע אַ בענקאָס! — האָט די יאַגוסטינקאַ, װעלכע איז אַן אַ זײַט געזעסן, אַ װאָרטשע געטאָן.

זײ האָבן ניט געגלייבט קײן זאַכט אויף איר, װאָרן פּיעטרעק האָט זיך גראָד צו די צוגעהערט און געטאָן פרײדיקן פאַר זײ

— ס'זאָגט, אַז װען די תּבֿואה נישט געראָט, פֿאַרטרעט דער מאָד

— ס'האַלט דערבײַ אין ליפֿטע, ס'גײט צו דעם'... — האָט זי טרויעריק אָפּגעזיפֿצט, מיט טרערן אַ בליק מיטנדיק אויף די אױסבאַװײַסטע פֿעלדער.

װי האָבן זיך גיך צונױפֿגעאײַלט מיט דער תּפֿילה, װײַל דאָס קינד האָט זיך צעשריגן, און אויך האַנקאַ האָט זיך דערפֿילט אַזוי שטאַרק אָפּגעמאַטערט, אַז זי האָט זיך באַלד נאָכן אומקערן אַהײם, צוגעלײגט זיך אַ קאַפּ אויסן געלעגער, אָבער זי האָט נאָך רעכט נישט געהאַט אָפּגעטעסטעט, װי חיסעק איז מיט אַ געשרײ אַרײַנגעלאָפֿן:

— באַ"עבאַסטע, ציגײַנערס גײען אין דאָרף אַרײַן!

— ס'האָסטו דיר, נאָך דאָס האָט דיר געפֿעלט. רוף אַהער פֿיטערקן און מ'זאָל פֿאַרמאַכן די טירן, װײַ זאָלן עפּעס נישט אַװעקכאַפּן.

די איז אַרויסגעגאַנגען פֿאַר דער שטוב װײַטער אָן אױפֿגערעגט.

ס'האָט נישט לאַנג געדױערט װי ס'זענען זיך אַ גאַנצע באַנדע ציגײַנערקעס איבערן דאָרף צעלאָפֿן, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, שװאַרצע װי די סאַגאַנעס, מיט די קינדער אויף די פּלײצעס, און אַזעלכע איבערדריסיקע, אַז זאָל גאָט שומר ומציל זײַן; זײ זענען אַרומגעקראָכן, געבעטלט, קאָרטן געװאָלט לײגן און מיט געװאַלט אין די שטובן זיך אַרײַנגעריסן. בײַ אַ צען שטיק זענען זײ געװען, און זײ האָבן אַ רעש איבערן גאַנצן דאָרף צעמאַכט.

— יוזקאַ, פֿאַרטרײַב די גענדז מיט די הינער אין הויף אַרײַן, די קינדער ברענג אַרײַן אין שטוב, זײ װעלן נאָך צונעמען! — זי האָט זיך אָנידערגעזעצט איבער גאַניק הינטן, און דערזעענדיק עפּעס אַ ציגײַנערין, װאָס צאַפּעט זיך אין הויף אַרײַן, האָט זי אויף איר אָנגעטרײַבט דעם הונט, לאַפּאַ האָט זיך צעשײַלט און נישט אַרײַנגעלאָזט, אַז די מכשפֿה האָט מיטן שטעקן אַ דראָע געטאָן און עפּעס געמורמלט אויף איר.

קאָקאָסקע אויף אַ ווײַל, האָט אַן אָטעם, נישט קיין ליגנדיקע, אָבער ווי נישט — צווײַ גילדן איז זי הײַרעט געווען

און האָט זי טאַקע גיך גובר געווען די קרענק, און, אַז באַלד נאָך פּסח איז זי שוין אויפגעשטאַנען. באַשליסנדיק צו גיין אין קלויסטער אַרײַן די ערשטע תּפילה נאָכן קימפּעט בתפילה צו זײַן; די ווײַבער האָבן זי אָפּגערעדט, אָבער זי האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און באַלד נאָך דער סוכּה איז זי אַוועקגעגאַנגען מיט די פּלאַנקקאַרט.

זי האָט זיך נאָך געוואַקלט אויף די פֿיס און צעפּט זיך אויף דער קוכן אָנגעשפּאַרט.

— צו אין קאָפּ דרייט זיך מיר אויס, אַזוי שמעקט עס מיט וויאָסנע.

— אַ טאָג, צוויי און צ׳וועסט ענק אויסרוען.

— ס׳איז ערשט אַ וואָך, און אין דרויסן האָט זיך ווי אויף אַ גאַנצן חודש געענדערט.

— אויף אַ פֿלינק פֿערד רײַט זי די וויאָסנע, אַז דו וועסט זי נישט איבעריאָגן.

— נו, שוין אײנמאָל גרין, יעזוס מײנער, שוין אײנמאָל גרין!

ס׳איז טאַקע אַזוי געווען, די סטעדער וועגן איבער דער ערד ווי אַ וואָלקן מיט גרינקייט געהאָנגען; אַז נאָר די קימפּעטנס האָבן זיך פֿון איר אַרויסגעוויזן און די דעכער האָבן אַרויסגעשטאַרט. אין די געדיכטעניש האָבן זיך די פֿייגל אָן אויפֿהער צעשוויסטערט. פֿון הינטן ווידער האָט פֿון די פֿעלדער אַ וואַרעמער היטם געבלויזן, אַז דאָס גראָז הינטערן פּלויט האָט זיך אויפגעבריוט און דער סטאַוו האָט זיך געקרײַטשט און גערונצלט.

— מײַנע פּאַנקעס האָבן די קערשנבײמלעך אָנגעטאָן, אָט אַ ליאַדע טאָג וועלן זיי אָנהייבן בליִען.

— דער פֿראָסט זאָל זיי נאָר נישט אָפּקרענקען, וועט זײַן פֿײַן איבסט.

„און ווי האָבן זיך דאָס די גאָספּאָדאַרשטשעס געיעגט און ווי
זינגען די געזאַנגען, ווי אין די שפּרודלדיקע פרייליכקייט,
ווי...״

נאָר דאָס געוויין פון די פּריצטעס האָט זיי געזאָגט, וואָס
אין ליטע איז געשען.

און אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און שום ענדערונג
צום בעסערן; פּאַרקערט, וואָרן וואָס אַ טאָג איז עפּעס ווינציקער
פּריצטעס איבער די פעלדער אַרויסגעגאַנגען. וואָרן זיי האָבן זיך
קיים געקענט מיט דער פאַרלעצטער אַרבעט אין די כאַלופּעס
אָן עצה געבן.

נאָר, וואָס בײַ די באַדינער איז אַלץ געגאַנגען ווי געוויינט־
לעך, פּאַמעלעכער נאָר ווי אין אַנדערע יאָרן, און אַ קאַפּעליע ער־
גער, וואָרן פּיעכערעק האָט זיך ערשט צוגעלערנט די פעלד־אַר־
בעט. אָבער ווי ס'זאָל ניט זײַן, האָט זיך עפּעס געטאָן, וואָרן
קיין הענט צום העלפן האָבן ניט געפעלט.

האַקאַ האָט, כאָטשיק נאָך פון בעט אַרויס, מיט אַלע פּינ־
דעסטווענן געגעבערט און אַזוי געשיקט אין שטרענג, אַז אַפילו
יאַנוש האָט זיך גלײַך מיט די איבעריקע געמיוזט שטעלן צו דער
אַרבעט און העלפן יעדער זאַך האָט זי גלײַך געדענקט: וועגן לי־
וועגטאַרוס, וועגן קראַנקן, ווי צו אַקערן און ווי וואָס צו זייען,
וועגן די קינדער, וואָרן ביליצאַ איז פון דעם שמד־מאַלצײַט אָן
שוין מער ניט געקומען, ער איז אַפּנים קראַנק געוואָרן. און
פאַרשטייט זיך, אַז זי איז גאַנצע טעג געלעגן אײַנ־אַם, נאָר ועעג־
דיק מענטשן בײַם מיטאָג און אין אָוונט, אָדער די דאָמיניקאַוואַ
ראָס האָט צו איר איין מאָל אין טאָג אַרײַנגעבליקט; קיין שום
שכנטע האָט זיך ניט אַרײַנגעווען, אַפילו מאַגדאַ, און ראָזאַ איז
גלײַך ווי ער וואָלט פאַרפאַלן געוואָרן. אַזוי ווי ער איז דאָמאָלס
אויסגעפאַרן מיטן גלח, אַזוי איז ער שוין מער ניט צוריקגעקו־
מען. ס'איז איר שרעקלעך פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס לעבן, איז
דעריבער אַבי וואָס גיכער געווינט צו ווערן און כּיחות אַנגעזאַמ־
לען, האָט זי זיך ניט געוואַלעוועט קיין שום פּעמפּ עסן, נישט
קיין אײַער, ניט קיין פלייש, זי האָט אַפילו געהייסן שעכטן אַ

לע האָט געשפּרודלט מיט אָנגעזאָפּטער גרינקייט, און די יונגע וועלט איז צווי מיט פרילינג אָנגעזאָפּט געוואָרן. אַז די ערד האָט זיך געדאַכט קאָנט אין ריזיס פון דעם פרילינגדיקן געזוידעכן!

און וואָס קומט אַלץ אַרויס דערפון, ווען די פעלדער זענען געלעגן נישט פאַראַקערט, נישט פאַרזייעט, נישט באַאַרבעט, ווי למשל די געזייטע און שטאַרקע פאַראַבקעס, וואָס ציען זיך נאָר אַרויס אויף דער זון, און גאַנצע וואָכן פאַרבערגעגט זיך די מיט גאַרנישט אויף דער פעטער, פרוכבע ערד — איז טאַקע אָנשטאָט תבואה געוואַקסן דערנער, שטעכעכן האָבן פון דער ערד אַרויסגעשאָסן, איבער די גריבלעך האָבן פאַרשפּרייטע ווילדע גערויקסן אויפגעציכערט, שטעכעכן האָט זיך געטריבן, ווילדע גראָזן זענען געדיכט אויף די האַרבסט־אַקער, אַרויסגעוואַקסן, און אויף די קאָרן־פעלדער האָבן זיך די שלאַנקע ליכטלעך־פלאַנצן און לאָפּיאָן אויפגעהויבן, פונקט ווי די פאַרטרויערטע קוקט זיך ברייט צעזעצט, אַז אַלץ, וואָס האָט ביז אַהער נאָר געשלאָס פאַרבאָרגן און מיט פחד געלעבט, האָט אַצינד פריילעך אויפגעשראָקן, מיט שנעלן וווּקס געהויבן זיך, ס'האָט זיך פון די אַקער־גראָנט, אויף די בייטן אַרויסגעשטופּט און געדיכט זיך אויך אויף די אַקערפעלדער צעשפּרייט.

אַז אַ פחד האָט אונדז איבער דידאָזיקע פאַרלאָזענע פעלדער געטרייעס.

אַז ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך די וועלדער, וואָס האָבן זיך איבער די אומפאַראַקערטע פעלדער נידעריק געבויגן, וואָלטן פאַרוווּנדערטע געפּליסטערט צווישן זיך, אַז די שטראַכן האָבן זיך ווי עפּעס שרעקנדיק קער דורך ליידיקע פעלדער דורכגעשלענגלט, און די דערנער, וואָס זענען שוין מיט ווייסע קנאָספּן באַשיט געווען, די באַרנביימער אויף די סטעזשקעס, די דורכפליענדיקע פייגל, דאָ עפּעס אַ וואַנדערער פון פרעמדע קאַנטן און אַפילו די צלמים און די הייליקע פיגורן, וואָס וואַכן איבער די וועגן, אַלץ האָט זיך מיט זערשטויטע אַרומגעקוקט און געפרעגט די קלאָרע טעג און די פּוסטע אומפאַראַקערטע פעלדער.

פאַרגרייט. אָבער אויף אַ קורצע צייט נאָר. וואָרן די זון האָט אים באַלד פון גרונט אויפגעפרעסן — דעריבער איז מאַקע קיין רוג־ דער גייסט. האָט אין דאָרף איז שטיל געוואָרן מיט די קריגערייען, אַרומרייסעניש אין פאַרשיידענע עסקים, וואָרן די אַרבעט האָט אַלע אין האַרטן יאָך איינגעשפּאַנט און צו דער ערד אַלע קעפּ אַראָפּגעבויגן.

אַז עס זיינען אַלע איינדערפרי, ווי נאָר דער טונקער פאַרטאָג האָט זיינע גרויע שליפּיס אויפגעעפנט, און די ערשטע לערכעס האָבן אויפגעזונגען, האָט זיך דאָס דאָרף אויף די פיס אויפגע־ ריסן. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ געדרודער, אַ זעצן מיט די טירן, געוויינערייען פון קינדער, געשרייען פון די געגנדז, דאָס מ'האָט אויף די ראָטעס אַרויסגעטריבן און מ'האָט באַלד די פערד אַ ווישעפּירט, די שקצימלעך האָבן געפירט די ז׳קעראַייזנס, מ'האָט אַרויסגעטראָגן קאַרטאָפליעס אויף די וועגן דרויף און מ'איז זיך אַזוי גיך פונ־ אַנדערגעגאַנגען אין די פעלדער אַריין, אַז אין איין רגע אָדער צוויי, איז שוין שטיל געווען אין דאָרף און פוסט. אפילו אויף דער פרימאָרגן־תּפֿילה האָט כמעט קיינער נישט אָפּגעטראָגן, אַז אָפּס האָט דאָס שפּילן פון אָרגל אין ליידיקן קלויסטער אָפּגע־ ברומט, צעגיסנדיק זיך איבער די מער נענטערע פעלדער, און ערשט דאַמאָלס איבער קול פון דעם קליינעם קלויסטער־גלעקל האָבן אַלע צו דער פרימאָרגן־תּפֿילה אויף די פעלדער אַנידער־ געקניט.

אַלע זענען צו דער אַרבעט אַרויסגעגאַנגען, און מ'האָט דאָס כמעט אויף דער ערד נישט געפילט; ערשט, ווען מ'האָט זיך גוט צוגעקוקט, איז האָט מען דאָרט הו־נישט־הוי דערזען אַן אַקער־ איזן, אַ פערד אין דער אַרבעט איינגעבויגן, ווי אַ האָגן אויף דער סטעזשקע און פייערטעס, וואָס האָבן זיך פינקט ווי די רויטע לי־ שאַיעס געטראָגן צווישן די אויסגעהייטערטע פעלדער, אונטער דעם קלאָרן און הייכן הימל.

און פון אַרום, פון רודקע, פון וואָליע, פון מאָדליצע, פון אַלע דערפער, וואָס האָבן זיך מיט די שפּיצן ביימער אין די ווייַ־ סע ווענט אין דער בלוילעכער לופט אַרויסגעזען, האָבן זיך טומל־

פֿון פֿרימאָרגן אָן שוין געווען צערעגנט, ווי מיט גראָבער שפּינ-
וועבס פֿאַרוויקלט, אַז ס'האָט די וועלט נישט אַרויסגעזען, נישט
די אײַנגעהויליעטע כאַטעס אונטער די דורכגענעצטע סעדער. דער
רעגן איז געפֿאַלן כּסדר, אומאויפֿהערלעך, גלײַכיקע צעצי-
טערטע גרויע פֿעדעם, ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעוויקלט פֿון עפּעס
אַ נישט דערזעעבאַרער שפּינדל און דעם הימל מיט דער ערד צונויפֿ-
געבונדן. אַז אַלץ האָט זיך געדולדיק אײַנגעבויגן אין פֿאַרנעצטע
געשווײַגן. אײַנגעהערכנדיק זיך צום געדיכטן פּאַטשן אין ריזלען פֿון
די שטראָמען, וואָס האָבן אין הייסלעכע שוימיקע צויטן פֿון די
שוואַרצלעכע פֿעלדער אַראָפּגעפֿלאָסן.
דאָס איז געווען גאַנץ געוויינטלעך, ווי אַלע יאָר אין די
ערשטע טעג פֿון פֿרילינג, קיינער האָט זיך דעריבער נישט אָפּגע-
שטעלט דערויף, ס'איז נישט געווען די צײַט פֿון קלערן, וואָרן
דער פֿאַרטאָג האָט דאָס שוין פֿון דער אַרבעט אַרויסגעטריבן, און
דער שפּעטער בין השמשות האָט זיי ערשט אַהיימגעטריבן, אַז ס'האָט
קיין צײַט געקלעקט, עפּעס אַ ביסל אַרײַנצוכאַפּן און אַ ביסל זיך
אָפּצורוען.
ליפּצע איז אויך איבער דער צײַט גאַנצע טעג געשטאַנען
ליידיק, נאָר וואָס די אַלטע לײַט זענען געבליבן היטן, די הינט
און די סעדער, וואָס האָבן אַמאָל געדיכטער די כאַלופּעס
פֿאַרשטעלט; טײַלמאָל נאָר האָט זיך עפּעס אַ דוזאַד אַדורכגע-
בלאָנקעט, באַגלייט פֿון דעם געבילערײַ פֿון די הינט, אָדער אַ פֿור
איז אין כּיל אַרײַן געפֿאָרן אין ווידער זענען די רעגן געלעגן
פּיסק. און די פֿאַרשטומטע כאַליפּעס האָבן מיט די איבערגעבעג-
טע שײַבלעך דורך די סעדער אַרויסגעקוקט אויף די ברייטע פֿעל-
דער, אויף די אומגעהײַערע פֿעלדער, וואָס האָבן ווי מיט אַ ים
פֿון ערד דאָס דאָרף אַרומגערינגלט, אויף די פֿעלדער, וואָס האָט
פּינקט ווי אַן אייגענע מאַמע די קינדער צו זיך צוגעטוליעט און
בײַ דער פֿעטער ברוסט געהאַלטן; אין אַ דערנערנדיקער באַשירעמונג.
פֿאַרשטייט זיך, אַז ס'זענען כּסדר געגאַנגען אַרבעטסדיקע
טעג, וואָכעדיק, מיט רעגנס דורכגעטריפֿטע, אײַנמאָל האָט אַפֿילו אַ
פֿאַדערנדיקער שניי אָנגעהויבן צו שיטן, אַז ר'האָט די פֿעלדער

און מיט רויט צעגליטע הימלען בשעת זון־פֿאַרגאַנג, — אמתע פֿרילינג־טעג.

טײל האָבן זיך געשלעפּט אַזוי שטילעטשקע, פּונקט ווי די שטראָמען אין דער זון, צעפֿינקלטע, קײַלעכיקע ווי זיי, און פּונקט ווי די אַזעלכע דורכזיכטיקע און שטראָז באַשטענדיקע אָן די בערג־בעס, פּוסטע און בלויליכע, און נאָר ווי־נישט־ווי געלבלעכע פֿון די געלע בײמעלעך, דאָ מיט מאַרגאַריטקעס אָפּגעמייסטע, אָדער צערינסטע פֿון די ווערבע־צווײַגן.

ס'זענען אויך אָנגעקומען טעג פֿילשטענדיק וואַרעמע, אָנגעהיצטע, פֿײַכטלעכע, מיט זון דורכגעווייקטע, מיט פֿרישקייט שבע־קעדיקע און אַזוי אַדורכגעטומלטע מיטן וואַקסן, אַזוי מיט פֿרילינג אָנגעזאַפּטע, אַזוי מיט קראַפֿט אָנגעטרונקענע, אַזוי, אַז אַרום אַרום צו, ווען די פֿייגל־שטימען זענען אַנטשוויגן געוואָרן און דאָס דאָרף האָט זיך געלייגט שלאָפֿן, איז האָט זיך איינגעדאַכט, ווי מען פֿילט דאָס שפּאַרן זיך פֿון די וואָרצלען אין דער ערד און דאָס אונטערהייבן זיך פֿון די זאַנגען און ווי מען וואָלט געהערט דאָס שטילעטשקע פּליסקעטן פֿון די פֿלאַנדיקע קנאָספּן, און דעם לויף פֿון דעם וואַקסן און די שטימען פֿון די באַשעפֿענישן, וואָס קומען אויך גאָר וואָלט אַרויס...

ס'זענען אויך אָנגעקומען אַנדערע מאָדנע טעג, וואָס זענען צו יענע גאָרנישט ענלעך געווען.

אָן פּיצל זון, פֿאַרנעפּלטע, בלוילעך־גרויע, נידעריקע, מיט בײַכיקע וואָלקנס צוגעלייגטע און פֿאַרעדיקע, שווערע און שלאָגנדיקע אין קאָפּ אַרײַן פּונקט ווי בראָנפֿן, אַז מענטשן האָבן זיך געפֿילט ווי פֿאַרשיכורט; די ביימלעך האָבן זיך ציטערנדיק אײַנגעקאָרטשעט, און יעדעס באַשעפֿעניש, מיט אַזאַ ליבלעכקייט אַדורכגעטומלט, האָט זיך ערגעץ געריסן און זיך געטראָגן נישט אַליין צו וויסן וווהין און נאָך וואָס, אַזוי, אַז עס האָט זיך נאָר געגלוסט צו שרײַען, זיך צינען, אָדער טוליען זיך, כאָטש אין די פֿײַכטע גראָזן, פּונקט ווי די משוגע געוואָרענע הינט האָבן געטאָן.

דאָ זענען ווידער אָנגעקומען אַזעלכע, וואָס זענען באַלד־

— זי הונגערט ווי דאָך בגילן נישט אײַס, אָפּט עסט זי אַליין זיך נישט אָן צו דער זאַט, סאַ איז ווי זאָל זי געבן פאַר די קינדער...

— מ׳צאָלט דאָך איר פאַרן עסן, נישט פון גוטהאַרציקייט נעמט זי זיי צו זיך אַריין! — האָט האָנקע צאַרניק אויפגערופן.

— פופציק גילדן פאַר אַ גאַנץ יאָר פון עסיק, ס׳איז נישט קיין וואַושנע מציאה...

— נישט קיין וואַושנע, וואָרן זי פאַרשיכורט עס אויפן אָרט, און דערנאָך שטאַרבן די קינדער פון הונגער.

— אָבער נישט אַלע: זי האָט דען נישט אויפגעכאָוועט ענקער חיטשקן, און דער צווייטער, וואָס געפינט זיך אין באַרליצע בײַ אַ באַלעבאָס!

— וואָרן חיטשקן האָט דער טאַטע גענומען, ווען ער איז נאָך געווען אַזאַ צוציקל, אַז ר׳איז נאָך געגאַנגען מיטן שטעקל אין דרויסן און אין דער כאַלופּע איז ער זיך אויפגעוואַקסן, אַזוי איז אויך געווען מיטן צווייטן.

— איך פאַרגעסט ער דען די קאָלאָטאָז!... איך זאָג נאָר אַזוי, ווי מיר דאַכט זיך. אַז די פּיטערצע מוז זוכן אַ שטיקל פאַרדינסט, ווייל זי האָט נישט וואָס אין מויל אַרײַנצולייגן.

— אַוודאי, קאַוסיאַל איז נישטאָ, איז נישטאָ ווער ס׳זאָל געבעטן.

— און מיט יאַנאָסן איז ער נישט געגאַנגען. די אַלטע איז אָנגעשטאָס צו שטאַרבן, גאָר פײַן געזונט געוואָרן און זיך אַרויסגעצויגן פון איר. זי באַקלאָגט זיך אַזינד איבערן דאָרף. אַז די קאָלאָזע האָט איר יעדן טאָג אויסגערעדט, הלמאי זי שלעפט אַן מיטן טויט, כדי איר שאָדן צו ברענגען.

— זי וועט זיך אַוודאי אומקערן צו די קלאָנביס: ווו דען זאָל זי זוכן אַ מקום מנוחה!

— זי וועט זיך נישט אומקערן: זי האָט זיך באַקלאָגט אויף די קרובים. די קלאָנבאָזאַ האָט זי נישט ווייטער גערן אויסגעלאָזט פון זיך, וואָרן די אַלטע האָט דאָך בעטנצויגנס און מסתמא

אַלע חינקלעך, דעם הונט האָט ער אַפֿילו אַ קאָפּע געטאָן, נישט קענענדיק זיך נאָך אַלץ באַרויִקן.

ווען זיי האָבן פֿאַרענדיקט, האָבן זיי געוואָלט עפּעס איבער־בײַסן, אָבער האַנקאַ האָט געזען וואָגן, אַז ס'האָט גראָד פֿאַר־פֿעלט מילך און ברויט, ס'איז נאָר דאָ איבערגעבליבענע קאַרטאָפֿל פֿון צובײַסן.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין קרעטשמע אַרײַן, פֿאַרשטעלנ־דיק בלויז בײַן גאַנץ ליפּצע.

— האָסט גוט געטאָן, האַנוש, זיי וועלן דיר גאָרנישט טאָן. יעצט, אַפֿילו דער פֿאַרשטאָרבענער פֿריץ, כאָטש ר'האָט געהאַט אַ רעכט דערויף, פֿינדעסטוועגן האָט ער מיך קיינמאָל נישט גרינגגע־שעצט, קיינמאָל נישט...

ער האָט אַ לאַנגע צײַט נישט געקענט פֿאַרגעסן די דאָזיקע באַליידיקונג.

באַלד נאָך מיטאָג האָט עפּעס איינע אָנגעטראָפֿן, דערציילנ־דיק, אַז זיי זיצן נאָך אין דער קרעטשמע און דער סאָלטיס איז אַוועקגעלאָפֿן ברענגען די קאָזאָקאַ.

— זוך דעם הינט אין פֿעלד! — האָט זיך די יאַגוסינקאַ צעלאַכט.

— זי איז זיכער נאָך טרוקענע צווייגן אין וואַלד אַרײַן אַוועקגעלאָפֿן!

— אין וואַרשע זיצט זי פֿון נעכטן אָן, נאָך קינדער איז זי געפֿאָרן; אין שפּיטאָל אַרײַן, זי וועט דאָ ברענגען צוויי צום דערציִען, דאָס זאָלן זײַן אײַנגעלעך פֿון די אונטערגעוואָרפֿענע קינדער...

— כדי זיי מיט הונגער צו פֿאַרפּײַניקן, אַזוי ווי ס'איז גע־שען מיט יענע, מיט צוויי יאָר צוריק.

— און אפֿשר איז דאָס גאָר גלײַכער פֿאַר די קינדער גע־בן: זיי וועלן זיך נישט אַרומבלאָנקען ווי די הינט דאָס גאַנצע לעבן...

— אַ ממזר איז אויך אַ מענטשלעכע זרע... זי וועט שוין אָפּגעבן דין וחשבון פֿאַר גאָט.

אָנגעשטויסנדיק זיך אויפן גאַניק אויף בילעצן, איז ער מיט די פּיסקן אַ שפּרונג צו געטאָן צו אים און אײַנגעשריגן:

— דו, הינטישע מאָרדע, פאַרוואָס היטסטו נישט, אַז גנבים האָבן זיך דיר געקענט אַנטשלײַכן, האַ! און ר׳האָט אים שוין אָנגעהויבן פאַרפאָרן אין דער מאַכטן אַרײַן.

— כאַ היט דיר, אויף דערויף האָט מען דיך אַנידערגע־שטעלט, איך בין נישט דײַן פאַראַבעק, דו הערסט! — האָט אים דער אַלטער אײַנגעבוגן אַרום די גאַנצע אָפּגעשנייטס, ווײַנענדיק אָן אַ שיעור אויסגעבראַכט.

אַז דער שרײַבער האָט אויך אַ היקע געטאָן, אַז ער וויל דאָס פּיסק פאַרמאַכן, ווען ער רעדט מיט אַן אַנגעלאָכטע פּנים, וואָרן ער וועט גיין אין קאָזע אַרײַן פאַר זײַן עזות־פּנים, אָבער דער אַלטער האָט זיך אויך אָן געכאַפּט צעשלאָגן. ר׳האָט זיך חוצפּה־דיק אַן דראָענדיק אויסגעגלייכט, געשאָכן מיט די אויגן, און אַרויסגעכריפּעט:

— און וואָס ביסטו מיר פאַר אַ מאַכער; דו דינסט, די בראַמאַרע באַלט דיר, איז סו דאָס, וואָס דער וואָיט הייסט דיר, און אַ זאַפּטע דיר צו באַלעבאַטים! קוקסט אים אָן, דעם לאַפּיק אײַנעם, עפּעס אַ שרײַבערלשטינע! ר׳האָט זיך אים געפּאַטשט אויף אַנדערע ברוים און ער וועט דאַ מיט מענטשן זיך וואַרפן...

איך אויף דיר געפינט זיך אַ הויכער אַמט און אַ שטראָף...

דער וואָיט מיטן סאָלטיס האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים אײַנשטילן, וואָרן ר׳איז וואָס אַ מאָל מער צאָרניקער געוואָרן און ר׳האָט שוין אַרום זיך מיט אַ ביטערדיקער האַנט עפּעס אַ גאַרטל זאַך געזוכט:

— פאַרשרײַב כיך אויף שטראָף, כ׳וועל באַצאָלן און כ׳וועל דיר נאָך אויף בראָטפּן צוגעבן, ווי ס׳וועט מיר געפעלן! — האָט ער געשריגן.

די האָבן שוין קיין אַכט נישט געלייגט אויף אים, פאַר־שרײַבנדיק אַלץ פּאָדראָבנע און אויספרעגנדיק די שכנים מענטשן וועגן דער אַנטשלאָגונג, און דער אַלטער האָט געמורמלט עפּעס צו זיך אַליין, אַרומגעגאַנגען אַרום הויז, אַרײַנגעבליקט אין

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער אײליק אין שטוב אַרײַן אומגעקערט.

— האָ! האָ! ס'קעלבל איז ענק געראָטן, צ'וועט עס נים פאַרקויפן — האָט ער אַ זאָג געטאָן אויפקלאַפּנדיק זיך די קאַפּאָטע.

— ס'וועט גיין צום כאַזן, וואָרן ס'איז פון היפּישן גע-טונעט.

— ס'וועט זײַן אַ זיכערער פאַרדינסט, ווײַל דעם פּילגערס בייק מוז קורן צו גאָרנישט. אַגבֿ וועט זיך דאָס דערפרייען פון אַזאַ צוכאָווען.

— יעזוס מײַנער! ווען וועט ער עס אָנקומען! ווען!

— קוין נישט לאַנג, דאָס זאָג איך ענק, איז וואַלט ער גלייבן.

— ס'שייכט אַלע וואַרט מען דאָך שוין אַזוי פון טאָג צו טאָג.

— איך זאָג, אַז אַ ליאַדע טאָג וועלן זיי זיך באַווײַזן, עפּעס דאַרט ווייס איך דאָך פון דער רעגירונג . .

— ס'ערגסטע איז, וואָס די פעלדער וועלן נישט וואַרטן.

— אויב מ'וועט אין דער צייט נישט פאַרזייען, איז אַ שרעק וועגן יעשען אַ טראַכט צו טון!

עפּעס אַ פור האָט אַ רויש געטאָן. יוזקאַ האָט אַרויסגעכאַפּט אַ בליק נאָך איר און געזאָגט:

— דער גלח מיט ראָכאָן זענען אַדורכגעפאָרן!

— דער גלח איז נאָך אײַן צו דער תּפֿילה אָפּריכטן גע-פאָרן — האָט יאַמבראָזשי דערקלערט.

— אַ חידוש ר'האָט ראָכאָן פאַר אַ מבֿין מיטגענומען. נישט די דאָמיניקאַנען! — האָט די אַלטע אָפּגעחוזקט.

די דאָמיניקאַנער האָט איר נישט באַוויזן אָפּצוענטפערן, וואָרן דער קאַפּאַל איז אַרײַנגעקומען אין דער וויכט האָט זיך צו אים פּיסן גלעזל אויסגעווייגט.

זמיאַגן — האָט זי איר געשעפּטשעט אין אויער אַרײַן, אַז יאַנקע איז אויס בלייך געוואָרן, אַראָפּבייגנדיק װאָס אַמאָל נידעריקער דעם קאָפּ.

יאַנקע איז נאָר אין פעדערהויז אַרײַנגעגאַנגען, האָט די מאַמע אַרײַנגערופן און מכבד געווען מיט בראָנפן; זי האָט אויסגעטרונקען און, ניט קוקנדיק אויף קינדער, איז זי אויך איר זייט אַוועקגעגאַנגען.

דער װאָיט איז אָנגעכמורעט געוואָרן, בלויז אָפּוואַרטנדיק, אַז זי װעט זיך אויסקערן.

דאָס געשפּעך האָט זיך עפּעס ניט געקלעבט, ער האָט זיך אײַנגעהאָרכט און מיט די אויגן פאַרבאָרגן נאָכגעקוקט, ווען זי האָט זיך ווידער באַוויזן און אויפן הויף אַרויסגעגאַנגען.

און אויך די ווײַבער האָט זיך עפּעס ניט געוואָלט אײַנזעצנען; די אַלטע האָבן זיך נאָר געשפּעטן מיט די צעווילדעוועטע שליפּיצעס; די פּלאַשקאָווע האָט אינדערשטיל עפּעס אײַנגעטענהט מיט האַנקען. אין יאַמבראָזשי נאָר האָט ניט געמאַך געלאָזט דאָס פֿידל און, כאָטשביק קינדער האָט ניט אויסגעהאָרכט, האָט ער געבאַטשקעט און אויסגעטראַכט מעשיות, װאָס זענען ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

דער װאָיט האָט זיך מיטאַמאָל אַ הייב אויף געטאָן און, פאַרלוירנדיק ווי הינטער דער שטוב אַהינטערגעגאַנגען, האָט ער געגנבעט דורכן סאַד אויפן הויף זיך אַרויסגעכאַפּט. יאַנושקע איז געזעסן אויף דער שוועל פון דער שטאַל, און דורכן פינגער דעם געפּלעקטן קעלבל געגעבן צו טרינקען.

ער האָט זיך שרעקעוודיק אַרומגעקוקט און, אַרײַנשטופּנדיק איר הינטערן בוזעם אַ גאָרשטש קאָר־צעלקעס, האָט ער איר אַ שעפּטשע געטאָן:

— נאָדיר, יאַנוס. טאָ ווי סיהעט נאָר פינסטער ווערן אין שטאַל אַרײַן, װעל איך דיר נאָך עפּעס ברענגען געבן.

דער חאַיִם זיך גענחיצלט, אָפּחישנדיק די וואָנסעס. וואָרן אַ גלעזל האָט זיך שוין דערגאַנגען צו אים.

— אַ שמד אָן אַ טאַטן, איז ווי אַ ווינד אָן אַ תשובה — האָט זיך יאַכבראָווסקי אומבאַטראַכט אָנגערופן.

האָט זיך האַנקאַ דערוויף צעוויינט, אַז די ווייבער האָבן אָנגעהויבן צו טרינקען צו איר און טרייסטן זי און אין די אָרעמס די נעכטן, ביז זי האָט זיך באַרויִקט און איינגעשטילט איר׳ע חייסיקן און אָנגעהויבן צו פּאַרבעטן, אַז זיי זאָל׳ן זיך נעמען צום עסן, וואָרן אַן אייער-געפּרעגלטס אויף קעלבאַס האָט שוין פון דער גרויסער שיסל געשמעקט.

יאַנטסעווסקע האָט גענומען די אייסנאַטע, וואָרן יוזקאַ האָט דעם קינד צונעזוננען, איינשלעפנדיק עס אין דער גרויסער מילטער, ווייל בײַ דער עלטער ווינ האָבן גנסלט די ביינגע-נעס.

לאַנג האָט מען אַזוי געקראַצט מיט די לעפל, און קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט.

ווייל ס׳זענען וויידער קינדער אַ סך אָנגעקומען אין פּע-דערהויז אַריין, און האָט אַמאָל די קעפּלעך אין דער שטוב אַריינגעשטעקט, האָט דער חאַיִם זיי אַ וואָרף געטון אַ באַרשט מיט קאַרמעלקעס, אַז זיי האָבן מיט אַ געקוויטש און אַ גע-שלעג פאַר דער שטוב זיך אַרויסגעטראָגן.

— אפילו יאַכבראָווסקי האָט די צונג אין מויל פאַרגעסן! — האָט די יאַנטסעווסקע אָנגעהויבן.

— וואָרן כ׳באַטראַכט מיר שטילערהייט, אַז מען דאַרף דעם ענגל אַ „גאָספּאָדאַרקע" און אַ שיקסע צוצוגרייטן.

— גרונט — דאָס איז דעם טאַטנס דאגה, און אַ שיקסע — די קוואַטער.

— ס׳וועט נישט פאַרפעלן די כתובה, גיין! מ׳בעט זיך יאַרמיט און וועט ס׳וועלט געוועמען ווער, וואָלט מען אים גע-טונקעלט.

— ס׳וויים אים, אַז דער וואַיסאַוויט בענקט זיך נאָך אַ

— מגלומרשט א פּיוסע, אָבער אויך כּיבוד־מאַכערין די דאָ־מיניקאַנאַ! — האָט דער ראָיס געלאַכט.

— א תּפילה העלפט, אָבער אָפּשפּרעכן מאַכט אויך ניט־קאַליע. דאָס ווייסט מען! — האָט די פּלאַפּקעזע א פּעטשטש געטאָן.

די זענען רויִסיק אַריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין. די אַל־טע האָט אויפגעהויבן דאָס קינד, און ווי גאָר האָט עס באַטראַכט, א נאַקעטס און רויט ווי א ראַק, האָט זי עס דער מוטער דער־לאַנגט.

— א רעכטפאַרטיקן קריסט, העלפן מ׳האָט באַם הייליקן שטרן ראַכאַ א נאָמען געגעבן, ברענגען מיר ענק, מאַמע. זאָל ער זיך כאַוועָן געזונט און צ׳אַלס האָבן פון אים נחת!

— און זאָל פון אים אַרויסקומען כאַטש א טון ראַכאַס! א פּעסטער פּאַראָבעק: ר האָט געשריגן, אַז מ׳האָט אים ניט גע־דאַרפן קנייפּן בשעתן שמדן, און דאָס ־אַלץ האָט ער אַרויסגע־שפּיגן, אַז ס׳האָט אויך אָנגענומען א געלעכטער...

—האָרן ער קומט אַרויס פון א משפּחה, וואָס האָט זיך ניט פאַרשוואַרן פון קיין ברענגען — האָט זיך יאַמבראָווסקי אָנגע־רופן.

דאָס שגצל האָט געקוויטשעט און געוואַרפן מיט די פּיס־לעך אויפן איבערבעט, די דאָמיניקאַנאַ האָט אים איבערגעטריבן די אויגן, די ליפּעלעך, און דעם טכעין מיט בראַנפן און דאַ־מאָלט האָט זי אים ערשט האָנקען צוגעגעבן צו דער ברוסט. ר׳האָט זיך א זויג אַיין געטאָן ווי א וואַמפּיר און איז אַנטשטילן געוואָרן.

האַנקאַ האָט הערצלעך געדאַנקט די קומע, קאָסטריק זיך מיט אַלעמען, און זיי איבערגעבעטן; וואָס דאָס שמד־מאָלצייט איז ניט אויפלכעט, ווי ס׳באַדאַרף צו זיין בײַם באָרינגען א קינד.

— צ׳וועט וואָגן אין א יאָר אַרום א פּערסט, וועלן מיר זיך דאַמאָלט פאַרכן און מיר וועלן זיך אָפּשלאָגן! — האָט

רײצט. כ׳בין אַרױסגעגאַנגען, איז זיצט פֿײ׳ אױף דער שװעל און רײכערט אַ פּאַפּיראָס, און גאַרט צו די שפּאַצן מיט קער-נער...

— און װאָס װעט ער עסן?

— ר׳האָט מיט זיך מיטגעבראַכט עפּלעכע טעפּלעך און קאָכט זיך בסדר טײ און טרינקט...

— בחנם טוט ער דאָס ניט. אין דעם מוז עפּעס שטעקן, צו אַזאַ פֿײַן...

— יאָ, ס׳שטעקט, װאָס ער איז פּשוט משוגע געװאָרן! יעדער מענטש באַמיט זיך אין דאגות װעגן בעסערס, און אַזאַ פֿײַן װאָלט זיך גאָר געװאָלט מיכן ערגער! ניטשט אַנדערש, גאָר ר׳איז פֿון זינען אַראָפּ — האָט האַנקאַ געזאָגט, אױפֿהײבנ-דיק דעם קאָפּ, װאָרן פֿאַרן הױף האָבן זיך דערהערט עפּעס שטימען.

זײ האָבן זיך שױן אומגעקערט פֿון קלױסטער פֿון שמדן. פֿאַרױס האָט יוזקאַ געטראָגן דאָס קינד אין אַ קישעלע, פֿאַרדעקט מיט אַ טוך אונטער דער דאָמיניקאַנער אַרױפֿרוכט און נאָך די זעלבן נאָכגעגאַנגען דער װאָיִט מיט דער פּ״אַסקאַדע, װעלכע זע-נען געװען פֿאַרבעטן אַלס קװאַטער, פֿון הינטן װידער האָט יאַמבראָ-װסקי נאָכגעהינקען, ניטשט קענענדיק דעריאָגן.

אָבער נאָך אײדער זײ זענען די שװעל איבערגעטרעטן, האָט די דאָמיניקאַנער צוגענומען דאָס קינד און איבערצײלמדיק זיך, האָט זי אָנגעהױבן דערמיט, לױטן אַלטן מנהג, אַרומצוגײן אַרום גאַנצן הױז. בלײַבנדיק נאָר ש-ײן בײַ די װינקלען אַז, בײַ יעדערן באַזונדער האָט זי געזאָגט:

אױף מזרח — דאָ בלאָזט...
אױף צפֿון — דאָ קילט...
אױף מערב — דאָ איז פֿינסטער...
אױף דרום — דאָ װאַרעמט...

— און אַ מקום היט דיך פֿאַרן נישטגוטן, מענטשלעכע נשמה, און נאָר אין גאָט זאָלסטו האָבן בטחון.

— זי האָלט אָפּגעאַרבעט; דאָרט זעט מען ניט אין דער כאַלופּע קיין גראָשן פאַר די אויגן, די שטאַרבן פאַר הונגער.

— אַ האַלב קערצל צום עסן זאָל זי בעלד נעמען, און אויב זי באַדאַרף מער, איז ערשט נאָכן זעצן, האָרן מ'חיינס דאָך ניט וויפיל ס'האָט איבערגעבליבן. יוזקאַ וועט קומען, זאָל זי אָפּ- מעסטן. כאָטש אַן אַרבעטאָרין איז זי די פּיליפּקאַ, נו!... אַבי נאָר אָפּצופּטרן...

— און פון וואָס זאָל דאָס צונעמען כוח? זי דערעסט ניט, דערשלאָפט ניט. און יעדעס יאָר האָט זי אַ קינד.

— און אָרימקייט, יעזוס מייַנער, דער פּנים איז — כ'חיינ- נאָך חז, און דאָס לעצטע ביסל תבואה ביז אויף דער שטעל.

— אויף דער שטעל! אין די כאַלופּעס ווייט עס שוין, דריקט שוין בײַ די בייכער, אַז קרים מ'זשיפּיעט.

— צ'האָט אַרויסגעלאָזט דאָס חזיר?

— עס האָט זיך צעפלייגט הינטער דער וואַנט, אָבער שיי- נע חזירימלעך, קילעבדיטשקעס, ווי די זעמעלעך.

ביליצאַ איז געבליבן שטיין אין דער טיר און אַרויסגע- שמאַמלט:

— די געגנדן האָב איך אונטער די אַגרעס איבערגעלאָזט, איז ער געקומען, דער פאַן יאַצעק, הייסט עס, און דער תנא און זאָגט: „כ'וועל מיך צו דיר אַרייַנזעצן, ביליצאַ, אויף קאַ- מאַרנע און כ'וועל דיר גוט באַצאָלן"... כ'האָב געמיינט: אַז ער מאַכט זיך חוזק פון אַ פּויער, ווי געוויינטלעך די פּריצים, און כ'ענטפער אים: „געלט דאַרף איך מאַקע האָבן און כ'האָב ליידי- קע סאַלאַנעס" האָט ער זיך צעלאַכט, ר'האָט מיר געגעבן אַ פּעקל פּערסטערבוירקעס, באַטוקט די כאַלופּע און זאָגט: „מען קענט דאָ זיצן, וועל איך מיר אויך אַן עצה געבן. און די כאַלופּע וועל איך מיר פאַמעלעך אויסלאַטעווען, אַז זי וועט שאַרגיין מער אַ הויף!"

— סה, אַזאַ שלאַכטשיץ! דעם פּריצס אַ ברודער! — האָט זיך די אַלטע געוווּנדערט.

— ר'האָט זיך געמאַכט אַ גלענצער לעבן מײַנעם און

— פּיעטרעק אקערט די ערד אונטערן בערגל, און הייצט בראָנעווטעס מיטן חאַלאַך די ביימער אויף פּלאַצעס אויפֿן חורים־בריבל.

— ס׳איז נאָך גוט דאָרטן?

— ס׳דען, די סרעפּעס דינקען איין אינגאַנצן, אָבער נאָכן פֿאַרבראַנצן וועט עס זיך גיכער אויסטריקנען.

— איידער ווידער די ערד וועט זיך צום ווייען בעטן אויס־אַקערן, וועל איך אפשר שוין אויפֿשטיין...

— אצינד נערעקסט נאָר אָן זיך, און די אַרבעט וועט ענק קיינער נישט צונעמען!

— די קי האָט מען שוין אויסגעמאָלקן?

— כ׳האָב אַליין געמאָלקן. וואָרן יאַגוש האָט די שקאַפּ־קעס הינטער דער שטאַל איבערגעשטעלט און זי איז ערגעץ אַוועקגעגאַנגען.

— סראַגט זיך אַרום בסדר איבערן דאָרף, ווי דער הונט, אַז מ׳קען זי מיט איר אין קיין שום זאַך נישט באַהאַלטן. יאָ, זאָגט דער קאַבּוסאָרען, אַז כ׳וועל איר געבן אַ פּאָר ביימען אויף קרויט, און פּיעטרעק וועט באַ איר דאָס מיסט ארויספֿירן און פּאַראַקערן, אָבער צו פֿיר טאָג אָפּצואַרבעטן פֿון יעדער ביים! באַם וועלן די קאַרטאָפֿל וואָלט זי די העלפֿט צעגעאַרבעט, און דאָס איבעריקע אין שניט־צייט.

— די קאָזלאַכע וואָלט אויך געוואָלט נעמען אַ ביים אויף פּלאַצעס אויף צופֿאַרבעטן.

— זי וועט אַזוי פֿיל אָפּאַרבעטן, וואָס דער הונט וועט דיר אָנוויינען. לאָז זי זיך ערגעץ אַנדערש זוכן, זי האָט זיך געטוג אַריאָרן אָנגעגאַבלט אויפֿן טאַטן פֿאַרן גאַנצן דאָרף, אַז ער האָט איר אַן עולה געטון.

— ווי ענק געפֿעלט, ס׳איז ענקער גרונט און אויך ענקער ירושה! פֿליפּקאַ איז דאָ געווען, געשטעלט ציינער געלזבן געוואָרן, פֿריינגעקומען, וועגן קאַרטאָפֿליעס.

— פֿאַר געלט האָט זי געוואָלט?

גיטס בעסער אַ קוק, צי די קערן זיך שוין נישט אום, ווי וועלן מיר דאָס קינד פאַרהונגערן.

— פון קלויסטער זעט מען נאָך קיינעם נישט! — האָט די יאַווסטינקאַ דערקלערט, הייבער זיך געמעכלעך צו דער שטוב אויס ווימען, אויסשיינדיק זי מיט זאַמד.

דער עלטער האָט עקסטערנדיק איין מאָל נאָכן אַנדערן אַ נאָס געטאָן, אַז ר'האָט זיך אויס אויף דער באַנק אַנידערגעזעצט.

— צ'בלאָזט, ווי אין שטאָט אויפן מאַרק!

— וואָרן ס'איז שוין רעכטער טאַבאַק, דעם פון יאַצעקס, אַ גאַנץ פעקל האָט ער מיר געגעבן... אַ גאַנץ...

ס'איז נאָך געווען פרי, דורכן פענסטער האָט אַריינגעקוקט אַ העלע און וואַרעמע זון, די ביימער האָבן זיך געהויגט פון הינט, דורך דער אָפענער טיר אין פעדערהויז אַריין הירער האָבן זיך אַראָפּגעבויגענע געגרויסע העלדזער און רויטע, שפּיציקע שנאָבלען געפּאַקט, און אַ גאַנצע סטאַדע מיט בלאַסע פאַרשמירטע און פּישטשענדיקע געגרויסלעך האָבן זיך אַרויפגעגראַבלט אויף דער הויכער שוועל. מיטאַמאָל האָט דער הונט ערגעץ אַ וואַרטשע געטאָן, אַז די גענדז האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי, און די קואָקעס, וואָס זענען אויף די אייער געזעסן האָבן זיך פון שרעק צעקוואָקעט און אָנגעהויבן צעפּלויצן פון ייערע געזעסן.

— ס'וועט טרייבט ווי אַ־ריס כאָטש אין סאָד אַריין, אַנשטאָט וועלן זיי זיך מיטן גראָז פאַרשפּילן.

— כ'וועל ווי אַרויסטרייבן, האָטש, און כ'וועל ווי פון די קרעען אָפּהיטן...

ס'איז באַלד שטיל געוואָרן אין שטוב, נאָר דאָס געריש פון די ביימער האָט זיך פון דרויסן דערטראָגן און ס'האָבן זיך עטוואָס געוואַקלט די רייזעלעך, וואָס זענען אויפן שוואַרצן פּאָליאַ געהאַנגען.

— וואָס טוען דאָרט די שקצים! — ה כ האַנקאַ נאָך אַ לאַנגער ווײַלע אַ פרעג געטאָן.

## VI.

אויף אזא אױסטערלישע נײַעס האָט זיך אױס האַנקאַ פֿון געלעגער אונטערגעהױבן, אַזױ, אַז די יאַװאָכטינקאַ האָט זי נאָך אין דער צײַט דערכאַפּט און זי צום קישן צוגעדריקט.

— ס'טײַטש ריכטס ענק ניט, ס'ברענט ניט אין ערגעץ!

— האָבן זײַ הײַנט אזא זאַך אַרױסגערעדט, גלײַך װי די װאָלטן באַם קלאָרן געדאַנק ניט געהאַט; װאָלטסט ענק איבער דעם קאָפּ מיט געהײליקט װאַסער, װעט ענק ס'כיש גאָר איבערגײן.

— נײן, האָרוש, כ'האָב מיר מײַן שכל און כ'האָב געזאָגט דעם מענטש אמת, װאָרן דער פּאַן יאַנעק, פֿון נעכטן אָן זיצט ער צוזאַמען מיט מיר... ס'דען... — האָט ביליצאַ געשטאַמלט, אײַנבײַגנדיק זיך אָפּצוגיסן נאָך אַ פּעסטן שמעק טאַבאַק, װאָס ר'זאָט געטשען.

— חײַוס אױס, ר'איז שױן אינגאַנצן פֿון זינען אַראָפּ!

אַזוי, אַז נאָך דער וואָיט צוזאַמען מיטן סאָלטיס און מיטן קאַפּראַל זענען אַרויסגעפֿאָרן צו דער שׂרפֿה און דאָס מיט גאָלע הענט, וואָרן מ'האָט זיי נישט געלאָזט נישט קיין באַסאַקעס. נישט קיין קײַלעס פֿון די כאַלופּעס מיטנעמען.

— מיט אַ שטעקן זאָל מען געבן דעם, וואָס וועט עפּעס רירן! זאָל ער פֿאַרכאַפּט ווערן, די שטשערחע! — האָבן די אַלע ווי איינע זיך צעקוויטשעט.

און דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך שוין געהאַט צוזאַמענגענומען, ביז צו די יונגסטע, וועלכע מ'האָט געטראָגן אויף די הענט געהוידעט און זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקוילעט אין אַ גרויסן, פֿינסטערן המון, אַז חײַניק ווער ס'האָט זיך אָנגערופֿן, אַפֿילו מיט קיין שעפּטש נישט, זיי האָבן נאָר אָנגעצונדיקט די גיריקע אויגן און אָפּגעזיפֿצט, וואָרן אין יעדן האָט זיך פֿאַרשטאַרקט די שרעקלעך פֿאַרבאָרגענע פֿרייד, אַז גאָט האָט דאָס דעם פֿריין פֿאַר דער ליפּצער קהלה מיט פֿײַער באַשטראָפֿט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן האָט געברענט, און קיינער איז אַפֿילו נישט אַהיימגעגאַנגען: מ'האָט געדולדיק אָפּגעוואַרט דעם סוף, וואָרן איין גרויסער פֿײַער-ים האָט זיך איבערן גס צעשפּרייט און מיט אימפּעטואָזע כוואַליעס צום הימל געשלאָגן, די פֿאַרברענטע בינטן שטרוי פֿון די דעכער און די שינדלען האָבן זיך אין אַ בלויִקן רעגן צעשפּריצט, און פֿון די רויטע פֿלאַמען, וואָס האָבן זיך ווי די פֿײַערדיקע פֿלאַכטעס אין דער פֿינצטערניש געצויגן, האָבן זיך די שפּיצן ביימער און דער דאַך פֿון דער מיל פֿאַרײַסלט, און דער סטאַוו איז ווי עמעצער וואָלט אים מיט בלאַס-גליִענדיקע קוילן אָנגעשיט.

גערוישן פֿון פֿורן, געשרייען פֿון מענטשן, געטריסען, אַ שרעקלעכער פּחד פֿון פֿאַרניכטונג האָבן פֿון דער שׂרפֿה געשלאָגן, און דאָס דאָרף איז בסוד אַלץ געשטאַנען, ווי אַ לעבעדיקע מויער אין דער ערד אײַנגעוואַקסן און די אויגן, די נשמה מיט נקמה אָנגעצונדיקט...

האָט מען, כאָטש ס'איז געווען אַ פּאָר וויאָרסט פֿון ליפּצג, דאָס שטאַרקן זיך פֿון פֿייער ווי אויף דער האַנט געזען. אויך דער שוואַרצער וואַנט פֿון וואַלד האָבן געווימלט די פֿיי־ ערדיקע צונגען און ס'האָבן אַרויסגעוואַקסן בלוטיקע, קײַלנ־ דיקע וואָלקנס. ס'איז נישט געווען קיין ווינט און דאָס פֿייער האָט זיך אויסגעהויבן וואָס אַמאָל העכער, די געביידעס האָבן געברענט ווי קין, שוואַרצע רויכן האָבן מיט גאַנצע זײַלן געצויגן, און אַ בלוטיקער, צעווילדעוועטער אָפּשײַן האָט זיך ווי אַ פֿייערדיקער טײַך אין דער פֿינס־טערניש צעגאָסן און איבערן וואַלד זיך שײַן געוואַקלט.

מוראַדיקע ריטשטן האָבן די לופֿט דורכגעריסן.

— די אָקסן־שטאַל ברענט, ז'העלן ווייניק וואָס אַרויסראַטע־ ווען, וואָרן ס'איז נאָר דאָ איין טיר.

— די סטויגן צינדן זיך איצט אָן!

— די שײַערס שטייען שוין אין פֿייער! — האָט מען דער־ שראָקן אויסגערופֿן.

ס'איז געקומען צו לויפֿן דער גלח, דער סאָלטיס און צום סוף האָט זיך אויך דער וואָיט פֿון ערגעץ באַוויזן, אָבער כאָטש ער איז געווען שיכור, אַז ער האָט זיך קוים אויף די פֿיס געהאַלטן, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן געזאָלטן און די מענטשן אַרויסטרײַבן, אַז זיי זאָלן לויפֿן ראַטעווען דעם הויף.

אָבער קיינער האָט זיך נישט שטאַרק געאײַלט דער־ צו, נאָר אַ בייזער געמורמל האָט זיך צווישן המון אויפֿגע־ הויבן:

— זאָל מען אַרויסלאָזן די פֿערד, וועלן זיי לויפֿן ראַטע־ ווען!

און ס'האָבן נישט געהאָלפֿן קיין קללות, נישט קיין סטראַשען, נישט אַפֿילו דעם גלחס וויינענדיק בעטן: דער עולם איז געשטאַנען, נישט גערירט זיך און מיט שווערהאַרציק אויפֿן פֿייער געקוקט.

— הינטישע געבלוטן, הײַדנישע פּאַראַבקעס! — האָט די קאָבעטקאַטע זיך געשריגן, דראָענדיק מיט דער פֿויסט.

ליק בת־קול גײט פֿון דער ערד אַרױס, אָדער דאָס איז די שטימע פֿון די געשטאָרבענע באַרײנגס דורות. דאָס גאָט האָט װי אין דער־דאָזיקער נאַכט פֿון תחית־המתים אױף דער װעלט אַראָפּגעלאָזט און זײ רעדן דאָס אײנע אַרױס פֿון די טונקעלע װעגן, פֿון די אײַנגעבױגענע בײמער, פֿון דער פֿינצטערער נאַכט, כּדי מתרה צו זײַן און צו דערמאָנען די אײגענע.

אַלע נשמות האָבן אױפֿגעפֿלאַטערט באַ דידאָזיקע װערטער, װעלכע האָבן װי די גלאָקן אין די הערצער אױפֿגעקלונגען, און זיך פֿאַרטראָגן אין די פֿאַרנעפּלטע בענקשאַפֿטן, אין אומבאַגרײַפֿ־באַרע װוּנדערלעכע חלומות.

קײנער האָט אַפֿילו נישט דערהערט, װי די הינט האָבן אין גאַנצן דאָרף אָנגעהױבן צו בילן, עמעץ האָט געשריגן אױף די װעגן און געלױסערײַען האָבן אױפֿגעפֿריקט.

— פֿאָדלעטשיע ברענט! — האָט עפּעס אַ שטימע דורכן כאָר אַ געשרײ געטאָן.

די װעגן אױפֿן װעג צערױסגעלאָפֿן.

ס'איז אָבער געװען: די הײמישע געבײַדעס אין פֿאָדלעטשיע זענען געשטאַנען אין פֿײַער, פֿלאַמען האָבן װי די קושאַקעס פֿון דער פֿינצטערניש אַרױסגעזעצט.

— די נבֿיאה איז מקוים געװאָרן! — האָט יאַטשעסינקע אַ שעפּטשע געטאָן, דערמאָנענדיק די קאָלאָדזשן.

— גאָטס שטראָף קומט אָן.

— פֿאַר אונדזער עװלה! — האָבן זיך שטימען אין דער פֿינצטערניש דורכגעקרײַצט.

די טירן פֿון די כאַלופּעס האָבן געקנאַקט, מענטשן זענען אין פֿײַער אַרױס און האַלב נאַקעט אױף די װעגן אַרױסגעלאָפֿן. און דאָס אַמאָל אין אַ גרעסערער מהומה זיך געשטױסן אױף דער בריק פֿאַר דער מיל. פֿעטשאָגען מ'האָט צום געסטן געקלונגען, און סאָר אין אַ קורצער װײַלע אַרום האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף שױן געהאַט צונױפֿגעזאַמלט.

דאָס פֿײַער איז פֿון מינוט צו מינוט שטאַרקער געװאָרן. דאָס אַלץ איז געשטאַנען אױף אַ בערגל אונטערן װאַלד. דערײַבער

די וועלט ארומגעטונקען, נאָר ווען אַ וואַסער האָט ערגעץ געריזלט און הינט האָבן געוואָרטשעט.

זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין אַ קופּע, אַזוי, אַז נאָענט מיט יאָזקען, וועראָנקאַ מיט די קינדער, יאַנוסטינקאַ, די קלאָנבען-הע און פּיעטרעק האָבן זיך גענומען צו ראַכאַם מיט אַנידערגע-דעצט, און האַנקאַ אָן אַ וויי אויף אַ שטיין.

ער האָט זיך פֿונאַנדערדערציילט וועגן גאַנצן פּויליש פֿאָלק פאַר-שידענע געשיכטעס, דאָ הייליקע מעשהלעך, דאָ אַזעלכע חזנ-דער-געשיכטן וועגן דער וועלט, וואָס ווער קען עס דען פאַרשטיין און געדענקען!

זיי האָבן זיך איינגעהערט, ניט וועגנדיק אָפּצואָטעמען, ניט פון אָרט קיין ריר זיך צו טון און מיט דער גאַנצער נשמה האָבן זיי געטרונקען דיזאָזיקע האָניק-זיסע ווערטער, פונקט ווי די איבערגעטריקנטע ערד טרינקט די טויִקע און וואַרעמע רעגנס.

און ער, גענוג אַ נישט געזעענער מיטן אויג האָט מיט אַ פייערל-כער, שטילער שטימע געזאָגט:

— „נאָך ווינטער קומט וויאָסנע פאַר יעדן איינציקן, ווער ס'וואַרט זי אָפּ אין דער אַרבעט, אין דער תפילה און אין גרייס-קייט.“

— „האָט בטחון, וואָרן די באַשולחטע נעמען שטענדיק די איבערהאַנט.“

„מיט בלוט פון מקריב זיין זיך און מיט פּי דאַרף מען זיי-ען דאָס מענטשלעכע גליק, און ווער עס האָט פאַרזייעט, וועט עס אים אויפגיין און עס וועט אויך אים קומען די צייט פון שנים.“

„אָבער ווער עס וואַרט נאָר פאַרן פּשוטן ביקן ברוים, דער וועט בלויז גאָטס מיש זען.“

„ווער עס באַקלאָגט זיך נאָר אויפן שלעכטן, ניטש שטענדיק אַליין קיין גוטס, דער געפינט נאָך ערגער שלעכטס.“

ער האָט לאַנג גערעדט, און אַזוי קלוג, אַז ווער קען עס גע-דענקען, און האָט אַמאָל שטילער און הערציקער, און ווייל די נאַכט האָט אים איינגעהילט, איז האָט זיך אויסגעבראָכן, ווי אַ היי-

פאַרדײַלס, די פּנימער זענען די ביסלעכווײַז רויט געוואָרן און אַ צופֿרידנקייט האָט זיך אויף זיי אויסגעגאָסן, זיי האָבן אויך זיך פֿאַרגעסן פֿאַראַכטן די חלניאַקעס, זיי וואָלן זיך נישט צעקריגטן און ווי אַמאָל האָבן זיי זיך אָנגעהויבן נעענטער צוצורוקן איינע צו דער אַנדערער און שטילער אײַנזינגען, געמענדריק זיך קענטע־סיק אויף די צונגען.

און ווען דער קאַפּיטאַל האָט זיך באַוויזן, און געזאָגט, אַז ער קומט איצט גלײַך פֿון שטאָט, איז ווענען די ערשטע רעכט פֿריי־לעך געוואָרן. אַ פּריטער איז דאָס געווען מיט אַ געשליפֿענעם פּיסק, ווי ווײַניק ווער, און ווײַל ר'איז שוין געווען אַ קאָפּ שיכור, איז האָט ער אָנגעהויבן צו באַקן אַזעלכע נישט געשטויגענע מעשיות אויך צו לאַכן, אַז זיי האָבן זיך אויס בײַ די זײַטן געהאַלטן; די שטוב האָט זיך איבערגעטרייסלט, ער ווידער האָט געלאַכט צום היל־כיקסטן, אַז מ'האָט אויס זײַן טאַכאַטשען בײַ די באַרינעס גע־הערט.

זיי האָבן זיך לאַנג אַזוי געווײַלט, וואָרן עטעס דרײַ מאָל האָט די פּלאַטשקאַיע נאָך בראָנפֿן צום ייִד געשיקט.

בײַ די באַרינעס ווידער איז מען נאָך געזעסן פֿאַר דער שטוב. וואַנקאַ איז איבערגעשטאַנען און זיך אײַנגעטוליעט אין אַ פּעלץ. וואָרן אַ קעלט האָט צי געטון נאָך זון־אונטערגאַנג, ווי ס'איז געווען מיט די איבעריקע.

כּל זמן ס'איז נאָך ליכטיק געווען, האָט זי ראָכאַ אַרויסגע־לייענט פֿון אַ בוך, און נישט אײנמאָל האָט האַנקאַ, אויסקוקנדיק זיך פֿון אַלע זײַטן, שטיל יוזקען באַפֿוילן:

— גיב נאָר אַ בליק אַרויס אויפֿן וועג...

אָבער קיינער איז נישט געווען און ער האָט געלייענט, ביז האַנען דער אָוונט האָט נישט די ערד אין פֿינסטערניש אײַנגעהילט, און דערנאָך האָט ער נאָך דערציילט פֿאַרשיידענע מעשיות, ווײַל די זענען שרעקלעך נײַגעריק געווען. די נאַכט האָט זיי אַרומגעהילט, אַז די האָבן זיך קוים געצייכנט אויף די ווײַסע ווענט פֿון דער טאַליפֿע: דער אָוונט איז געוואָרן אַ פֿינסטערער און קילער. קיין שטערן זענען נישט אויפֿגעגאַנגען, אַ טריבע שטילקייט האָט

צימער איז איר דורכן ליַיב אדורכגעגאַנגען און זי האָט זיך אַ ביסל נאָך געזעגן מיט די ברוכסן סאָרוים, זי האָט געהערט, אַז ער רופֿט די אַ־ייבערמענטן און צו אַ שטאָט צושטופן, אַז די אָרעמס האָבן זיך איר אויס אויפגעפּענט, און זי איז גרייט געווען זיך אָפּצוגעבן, אָבער יאַשיאַ האָט זיך געשוויגן אָפּגערוקט.

— כ׳מוז גיין ווײַטער, אַ גוטע נאַכט, יאַנוש! — און ר׳איז אַרויסגעלאָסן.

אַ גוטע ווײַלע איז זי אַזוי אָפּגעשטאַנען, ביז זי האָט זיך פֿון אָרט געקענט רירן.

— צי האָט ער מיך פֿאַרכישופֿט, צי וואָס! — האָט זי געטראַכט, שלעפּנדיק זיך שווער, ס׳האָט זיך איר עפּעס געפּישעט אין קאָפּ, ס׳האָט זי אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש אין די ביינער.

ס׳איז געוואָרן קיינס, פּייפּ־ליעך האָבן דאָ און דאָרט גע־בליסקעט, און פֿון דער קרעטשמע האָט זיך אַ שפּילן און פֿאַרשטיקטע געשרייען דערטראָגן.

די האָט אַרײַנגעקוקט דורכן פֿענסטער אין דער באַלויכטע־נער שטוב אַרײַן: דער פּאַן יאַצעק איז געשטאַנען אין דער מיט און געגרימפּלט אויף דער פֿידל, פֿאַרן שענקטיש ווידער האָט זיך יאַמבראָזשי געוואַקלט, אויף אַ הויך קול דערציילנדיק עפּעס די קאָמפּאַניצעס, וואָס אויסציענדיק די האַנט נאָכן גלעזל.

מיט אַ מאָל האָט זי עמעץ פֿעסט אין דער העלפֿט אַרום־גענומען, אַז זי האָט אַ געשריי געטאָן, קאָרטשענדיק זיך און העלנדיק זיך אויסרײַסן.

— כ׳האָב דיך דערקענט און כ׳לאָז דיך שוין מער נישט אָפּ... מיר וועלן זיך אַ קאָפּ אָנטרינקען... קום... — האָט דער פּאָיט איר אײַנגערוימט, נישט באַפֿרײַענדיק זי פֿון ווינט געצל, און ר׳האָט זי דורך אַ ווײַטיקער טיר אין אַלקער אַרײַנגע־צויגן.

קיינער האָט נישט באַמערקט, וואָרן ס׳איז שוין געווען פֿינ־סטער געוואָרן אין דרויסן, און ס׳איז ווייניק ווער דורכן וועג פֿאַר־ביינגעגאַנגען.

— יעזוס! װעגן ימים! און דידאָזיקע בילדלעך װעלן איך נישט קיין הײליקע!

— ניטס אַ קוק! — ער האָט אונטערגערוקט דאָס בילד אונטער די אויגן און געװיזן.

זײ זענען געשטאַנען אָרעם בײַ אָרעם, נישט װילנדיק צו־דריקנדיק זיך מיט די ביעדערס, און באַרירנדיק זיך מיט די נײַ־דעריק אַראָפּגעבויגענע קעפּ. ער האָט איר צײַגנזײַן אויסגע־טײַטשט, דאַמאָלס האָט זי אויפגעהויבן אויף אים די אויגן פול מיט באַװוּנדערונג, נישט װאַגנדיק צו אָטעמען פון געריכטקייט, און זי האָט זיך װאָס אַמאָל שטאַרקער צוגעדריקט, כדי בעסער צו דערזען, װאָרן די זון האָט זיך שוין הינטער די װעלדער אַראָפּגעלאָזט.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אינגאַנצן אויסגעטרייסלט און זיך אַ קאָפּ אָפּגערוקט.

— ס'װערט פינסטער, ס'איז שוין צײַט אַהיימצוגיין! — האָט ער שטיל אַ שעפּטשע געטון.

— איז לאָמיר טאַקע גיין!

זײ זענען געגאַנגען אין שטילשװײַגן, באַדעקט כמעט מיט די שאָטנס פון די ביימער. די זון איז פאַרגאַנגען, בלויז עטלעכע טונקלקייטן האָבן איבער די פעלדער געציטערט, קיין הימל־רויט־קייט איז הײַנט נישט געװען, נאָר דורך די גרעבע טאָפּאָלן־שטאַמען האָט זיך געזען אויפן הימל אַ גאָלדענער אויסגוס, די װעלט האָט זיך געלאָשן.

— און דאָס איז אַלץ אמת, װאָס דאָרט איז געװען? — האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

— אַלץ, יאַניס, אַלץ.

— יעזוס, אַזעלכע גרויסע װאַסערן, אַזעלכע װעלטן, אַז ס'איז שװער צו גלייבן.

— ס'זענען דאָ, יאַנוש, ס'זענען דאָ! — האָט ער דאָס אַמאָל שטילער געשעפּטשעט, אַרײַנקוקנדיק איר אין די אויגן פון אַזוי נאָענט, אַז זי האָט אויף דעם אָטעם אײַנגעהאַלטן; אַ

דורך די שטעכיקע געדיכטענישן און א ווילדע, ליבע הייסיק פון דריקן זיך און אפשפרן זיך צו דערפילן.

זי האט זיך מיטאמאל א דריי אויס געטאן אויף צוריק און, דערהערנדיק די שטימען פון א פידל, איז זי אהינגעלאפן צו די-הצי, די האבן זי אויך פארדריסן. מיט אזא פארשיכורנדער ליב-לעכקייט זי ארומגענומען, אז זי האלט זיך אין א גאנצן אפגעלאזט. אין דעם טומל פון דער רויסנדיקער קרעטשמע, אין דעם גערודער, אין שיכרות אפילו, כאטשבי אויף טאלסטענדיקער פאר-ניכטונג, הצי!...

מיטן חעגל פון צמצמטאר ביזן טאפאלן-חטג, האט איז אינ-גאנצן נארטרויקען געהיטן אין די מייזערן פון זון-פארגאנג, איז קטעץ געגאנגען מיט א מיכל אין דער האנט און אונטער די ווײַ-סע גוסאיצ-ביימלעך זיך אלע ווײַלע אפגעשטעלט.

דאס איז געווען יאשיא, דעם ארגאניסטערס זון.

פון הינטער די ביימער האט זי געהאלט א קוק טון אויף אים, אבער ער האט זי באמערקט.

זי האט נישט באוויזן אפילו צו אנטלויפן, די פיס זענען איר ווי צו דער ערד צוגעוואקסן, און זי האט די אויגן פון אים נישט געקענט אפרייסן: ער האט זיך מיט א שמייכל דערנעג-ענטערט, די ציין האבן אים געבלאנקט צווישן די רויטע ליפן, ר'איז געווען א שלאנקער, א געזונטקייטער און א הייסער אויפן פנים.

— גלייך ווי צ'האלט מיך, יאשע, נישט דערקענט!

און איר האט אזש אונטערן לעפעלע א דריק געטאן פון דער דאזיקער שטימע.

— פארוואס זאל איך דאס נישט דערקענען!... נאר דער-מאן יאס איז אצינדערט אזא שלאנקער, אזוי אנדערש...

— זיכער, די יארן גייען... צוזאמען געווען דא ביים טייכן אויף די בורעס!

— כ'בין מיר נאר אזוי געגאנגען, ס'איז דאך חגא. א רע-ליגעזו! — האט זי נישט דרייסט דאס ביכל אנגעצייגט.

— ניין. הזבן חייטע לעבעדער און חעגן יסים!

זעדעס אויפן וואַסער, אַז די הערסט זיי בשום אופן נישט קענען כאַפּן, וואָרן זיי צעמישן זיך און ווערן פאַרנומען פאַרן שאָטן פון דער האַנט. זי האָט געקוקט אין דער זון. גאָרנישט דערזעענדיק אויף איר, די סאַפּאַלן, וואָס האָבן זיך אין שורות געבויגן איבער איר, האָבן זיך איר ווי פאַרנעפּלטע דערינערונגען אויסגעזען...
זיך אַליין האָט זי נאָר שטאַרק געפילט, און איך דאָס. אַז עס צעגייט זי ביז ווייטיק אויס, ביז צום שרייען, ביז צום וויינען, אַז עס כאַפּט זי ערגעץ אַוועק, אַז זי וואָלט זיך אָנגעהאַנגען אָן די ראָזיקע פייגל, וואָס פליִען אינטערן זון-פאַרגאַנג און זי וואָלט אין עק וועלט אַריין אַוועקגעפלויגן. זי איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ גליִענדיקער קראַפט און מיט אַזאַ שמערצלעכער, אַז טרערן האָבן איר די אויגן פאַרשטעלט, און פייערן האָבן זיך איבער איר צע-גאָסן; זי האָט געריסן די קלעבעקע, שמעקנדיקע קנאָספּן פון די סאַפּאַלן, און די צעגליטע ליפּן און אויגן מיט זיי גע-קילט...
טיילמאָל האָט זי זיך צוגעזעצט אונטער אַ בוים און אַן איינ-געטוליעטע, אָנשפּאַרנדיק דאָס פּנים אויף די פויסטן, איז זי פאַר-זונקען אין זיך, אין אומבאַוווּסטזיין דריקנדיק זיך נאָר צום שטאַם פון בוים און אויסשטייענדיק זיך... און קיים אָטעמענדיק...
ווי אויך אין איר וואָלט דער פרילינג די פּלאַכיק ליד אויפגעזונגען, וואָס עס האָט אַזוי געברויזט אין איר און טעפּעס האָט אָנגעהויבן וואַקסן, פּונקט ווי אין דער פרוכטבאַרער ערד, וואָס ליגט אומפאַראַקערט, עס הייבט אין פרילינג אָן צו וואַקסן; פּונקט ווי אין דיראָזיקע ביימלעך, וואָס זענען אָנגעטרונקען מיטן כוח פון וואַקסן, געוואַגט, און ווי אומעטום ווערט אַלץ שטיל, ווען די ערשטע זון גייט נאָר אַ וואַרעם...
זי האָט אײַנגאַנצן געפלאַטערט, די אויגן האָבן איר געגליט, נאָר די פאַרחלשטע פיס האָבן זיך נישטווילנדיק אײַנגעקאָרטשעט און קיים וואָס די האָבן זי געטראָגן. וויינען האָט זיך איר גע-וואָלט, זינגען, קאַרגלען זיך איבער דעם גרינס פון די ווייכינקע און מיט קילן כוי באַפּערלטע תבואות; דאָ האָט זי אַ ווילדער חשק אָנגעכאַפּט אַרײַנצושפּרינגען אין די דערנער, דאָרטרייסן זיך

און געשריי־געשריי האָבן זיך איבערן דאָרף געטראָגן, אַז אַפֿילו אויף די גרויסע פֿעלדער האָבן זיך פֿויערטעס געקרײַזלט און לידיקע האָבן חוץ־נישט־חוץ אויפגעקלונגען?... — איר איז אָבער געווען אומעטיק און אזוי בענקלעך עפּעס, אַז זי האָט עס שוין נישט געקענט אויסהאַלטן. פֿון מאָמענט אינדערפֿרי אָן האָט עס זי עפּעס אַזוי געצוימט און אונטערגעטראָגן, אַז זי איז אַרומגעלאָפֿן צו די באַקאַנטע, איבער די חדרים, אין פֿעלד אַרײַן איז זי אַרויסגעגאַנגען, און אַפֿשר עפּעס בײַ אַ דרײַ מאָל זיך איבערגעזען, אומזיסט אַלץ, ס׳האָט נישט געהאָלפֿן: ס׳האָט זי װאָס אַמאָל מער געריסן ערגעץ אַרויסצולויפֿן, עפּעס צו טון, עפּעס צו זוכן...

אצינד האָט זי זיך אויך אײַנגעלאָזט אויפֿן טאָפּאָלן־װעג אַרויס, און זי איז געגאַנגען אַ פֿאַרקוקטע אויף דעם רויזן, אומגעהײַערן ראָד פֿון דער זון, װאָס איז אַראָפּגעזונקען איבער די פֿעלדער; זי איז געגאַנגען איבער די שװעלן פֿון די שאָטנס און אויפֿגלאַנצן, װאָס דער זון־פֿאַרגאַנג האָט דורך די בײמער געװאָרפֿן.

די קילקייט פֿון בין־השמשות האָט זי אַרומגעהילט, און דאָס שטילע, אָנגעחזרטע אָטעמען פֿון די פֿעלדער האָט זי אַדורכגעשמעקט מיט אַ מילדן ציטער: פֿון דאָרף האָבן זיך געטראָגן װאָס אַמאָל שװאַכערע געשפּרעכן, און פֿון ערגעץ האָט אַ צי געטאָן אַ גײַסטשטענדיקע שטיכע פֿון אַ פֿידל און אין האַרץ אַרײַנגעדרונגען, אַנקעם װי דאָס גאָלדן־סוויקע, זומערדיקע שפּינװעבס, אַז עס האָט זיך אויס פֿונאַנדערגעחיקלט אין דעם שטילישקן פֿליסטערן פֿון די טאָפּאָלן, אין דער טונקלקייט, װאָס איז שוין פֿון די ברודערס געקראָכן און אין די דערנער־קוסאַקעס זיך באַהאַלטן.

זי איז געגאַנגען פֿאָרויס, נישט װיסנדיק אַפֿילו װאָס און װוּהין עס טראָגט זי.

זי האָט זיך אָפּגעזעצט, טיילמאָל פֿונאַנדערשפּרייטנדיק די הענט, טיילמאָל בלײַבנדיק שטיין ראַטלאָז און בלאָנדזשענדיק מיט די בענקלישע אויגן, װי זי װאָלט אָן אַנהאַלטעניש פֿאַר דער געשפּיניקטער נשמה געזוכט. אָבער זי איז געגאַנגען אַלץ װײַטער. שפּיגנדיק אירע שוואַכע און נישטיקע געדאַנקען, װי די לײַכטנדיקע

— צי ווייסט עפּעס? — האָט זי זיך נישט וויסנדיק דער־שראָקן.

— ס׳האָט זיך צו מיר דערטראָגן עפּעס פֿון דער ווייט... אפֿשר נאַרט מען מיך אָפּ, ווייל איך נישט צעפֿלויסן. יאָ, כ׳האָב מיך צערעדט, צערעדט, און נאָך וואָס בין איך דאָס געקומען? — ס׳האָבן עטלעכע צוגעזאָגט צו קומען, וועלן מיר, יתומות, א ביסל איינסטענהן, קומט עץ אויך... וואָס הייסט, די באַרינאָווע וואָל נישט זיין, אַז די בבֿודיקסטע וועלן זיך צוזאַמענזאַמלען.

זי האָט זי אינטערגעחנפֿט, אָבער האַנקאַ האָט זיך אָפּגע־זאָגט מיטן אויסרייד, אַז זי איז שוואַך, און אינדערפֿרי האָט זי זיך דערפֿילט שוין א ביסעלע שיפּיר.

די פּלאַשקאָווע, איז געווען ווייטער אומעטיק פֿון דעם אָפּזאָג און געגאַנגען פֿאַרבעטן יאַנגען.

אָבער איך יאַנושקאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט, מיטן תירוץ, אַז זי האָט שוין צוגעזאָגט מיט דער כוסטער ערגעץ אַנדערש צו גיין...

— צ׳וואָלט גלייכער געטון, ווען צ׳וואָלט געגאַנגען, יאַנגאַ, ס׳בענקט זיך ענק שוין נאָך א מאַנספּערשוין, און צו דער פּלאַש־קאָווע וועט אָן שום ספק יאַמבראָווסקי אַריינבליקן. אָדער עמעצן אַנדערש פֿון די אַלטע דרושאַרעס, און ווי ס׳זאָל נישט זיין, וועלן די כאָטש מיט די הויזן אויפֿמינטערן... — האָט יאַנוסטינקאַ א מורמל געטון פֿון הינטער דער כאַלופּע אַפּער.

— און עץ סטאַנדריק, ווי ענקער שטיינער איז, שטעכט עץ מיט ענקערע ווערטלעך, ווי מיט א מעסער דורך...

— ס׳אי מיר פֿריילייך, איז וואָלט איך גערן פֿאַר יעדערן געוואָלט דאָס, וואָס ער דאַרף! — האָט זי אָפּגעחוזקט.

יאַנוש האָט זיך א וואָרף געטון פֿאַר כעס און איז אַרויסגע־גאַנגען אויפֿן וועג, ראַטלאָז בלאָנדושענדיק מיט די אויגן א ביסל דער וועלט און קים וואָס זי האָט זיך איינגעהאַלטן פֿון וויינען. ס׳איז אמת, אַז ס׳האָט זיך איר ווייטער געבענקט!

וואָס קומט דערויס, אַז אומעטום האָט זיך געפֿילט דער יום־טוב, וואָס עס האָט געווימלט מיט מענטשן, וואָס געלעכטערן

רויטלעכע זון האָט זיך שוין געהאַט איבער די וועלדער אַרי-
בערגעקאָלערט, און איבערן בלויען הימל האָבן זיך הײסע
יאָלקנדלעך, פּונקט ווי די איבצײַטיקע סטאַדעס גענדז. אײַסנבע-
שפּרײַס, דער ווינט האָט זיך אויך ווי ניט ס׳איז אַ ריר געטאָן
אינדערהײך, אַ וואַקל כּוחנדיק מיט די שפּיצן פֿון די וואַסאַמערנ-
דיקע טאָפּאָלן, און אין דאָרף איז געוואָרן וואָס אַמאָל טומלדי-
קער און רויִקער. די עלטערע האָבן אײַנגעטענהט פֿאַר די
כאַליופּעס, וויגנדיק אויף די שוועלן, די שיקסעס האָבן אַרומגע-
שטיפּט לעבן טײַך, אָדער אַרומגעשטענדיק זיך אין דער העלפּט,
זײַנען זיי געגאַנגען, ווינטיק זיך, און זינגענדיק לידלעך, אַז ווי
די מאָן-בלומען אָדער נאַסטורציעס האָבן זיי געחיה׳ט צווישן די
ביימער, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין וואַסער פּונקט ווי אין שפּיגל,
די קינדער זײַנען אַרומגעלאָפֿן מיט די „דינגוסיאַנצער", נאָך אַנ-
דערע ווידער זײַנען גאָר אין די פֿעלדער מיט די סטעוסקעס
געגאַנגען.

מ׳האָט שוין געקלונגען צו דער אָוונט-תּפֿילה, ווי די גרע-
בע פֿלאָש; אָחוץ איז, באַוועגנדיק פֿריער באַרינען, אַרײַנגעקומען צו
האַנקען.

— כ׳בין געווען בײַם קראַנקן. יעווס, און ער ליגט אַזוי,
ווי ר׳איז געלעגן... כ׳האָב צו אים גערעדט: ר׳האָט אַפֿילו
ניט קיין קוק געטאָן אויף מיר. די זון לײַכט אים אַרויף אויפֿן
בעט, איז שוואַרץ ער זי צונויפֿ מיט די פֿינגער, ווי ער וואָלט
זי אין דער גאַרטן אַרײַן געוואָלט נעמען. און גראַבלט בײַ
איר, פּונקט ווי אַ קליין קינד! ס׳איז פּשוט צום וויינען, וואָס פֿון
אַ מענטש איז געוואָרן! — האָט זי זיך צערעדט, אַנידערזעצנ-
דיק זיך לעבן בעט, אָבער זי האָט ווי די אַנדערע אַביסל אַ
טרונק געטאָן, פֿאַרבײַסנדיק מיט קוכן. — ער עסט עפּעס אַצינד,
וואָרן ס׳דאַכט זיך מיר, אַז ער איז פֿעטער געוואָרן!

— שוין געקעסט, אַז ס׳קען זײַן, ס׳וועט אים בעסער
ווערן!...

— די שקצים זײַנען אויפֿגעגאַנגען מיטן העגדל קיין וואָ-
ליע! — האָט יוקאַ אַ גרעבער געטאָן, אַרײַנפֿאַלנדיק, אָבער דער-

שכנים, װעלכע האָבן, װי דער מנהג איז, אָנגעהױבן צו קומען אין געסט אײנס נאָך דער אַנדערער, באַדױערן זי, אַ צי טון אַ ביסל בראָנפֿן, מיט זיסן קיכן נאָכפֿלעכיזעקן צו פֿאַרבײַסן און װעגן פֿאַרשידענע שכנישע ענינים צו רעדן, צום מײנסט װעגן דעם אונטערגראָבן זיך אונטער דער קאָמער צו פּליאַדערן.

די שטוביקע װירטער האָבן זיך פֿאַר דער כאַליפּע אױסגעװאָרעמט, אײַנגעזעגנדיק מיט די מענטשן, װאָס זענען בסדר אין סאָד צרײַן געגאַנגען און אָן אַ סימן אַרײַנגעטראַכט װעגן דעם לאָך, װאָס מ'האָט עס נאָך ניט געהאַט פֿאַרשיט, װאָרן דער װינט האָט דאָס פֿאַרבאָרגן אַזױ לאַנג װי די סטראַזשניקעס מיטן שרײַבער װעלן ניט קומען.

יאַנוסינקאַ האָט גראָד װעגן דעם געהאַלטן אין דערציילן, זי װײסט אַלײן שױן ניט דאָס װיפֿילסטע מאָל הײַנט, װי פֿון הױף האָבן זיך אַ שיט אַרױס געטאָן די שקצימלעך מיטן הענדל. װיטעק האָט מיט זײ אָנגעפֿירט, ער איז געװען פֿײַן אױסגעשליפֿערט, אַפֿילו אין שטיבל און אין באַרינעס היכל, װאָס ר'האָט עס געהאַט סיף אױף אַ זײַט אַראָפּגעצױגן און לעבן אים זענען אין אַ קיפּע געגאַנגען, מאַטעיס קאָבאַ, גאָלבאַשאַק, יענדרעק, קובאַ, גושטלאַ מיטן קרומען מילש זון און אַנדערע. זײ האָבן געהאַט שטעקנס אין די הענט און סאָבנס איבער די פּלײצעס פֿאַרװאָרפֿן. און װיטעק האָט אונטערן אָרעם צוגעדריקט פּיעטרעקס פֿידל.

זײ זענען אַרױס אױפֿן װעג מיט פֿאַראַד און צום ערשטן האָבן זײ זיך אַװעקגעלאָזט צום גלח, װאָרן אַזױ האָבן אַלע יאָר די דערװאַקסענע פֿאַראָבקעס אָנגעהױבן. זײ זענען דרײַסט אַרײַנגעגאַנגען אין גאָרטן אַרײַן, פֿאַר דער פּלעבאַניע, אױסגעשטעלט זיך אין אַ שורה, אַרױסרוקנדיק פֿאַר זיך דאָס הענדל. װיטעק האָט אַ שפּיל אױף געטאָן אױף דער פֿידל, גאָלבאַשיאַק האָט אָנגעהױבן צו דרײען מיטן משונהדיקן טוף און צו קרײען, און אַלע האָבן, צוקלאַפּנדיק מיט די שטעקנס און צושטופּנדיק מיט די פֿיס צום טאַקט, צוזאַמען מיט קװיטשענדיקע קעלער אַ װיג אַרױס געטון:

טער טונאַנדערגעטראָגן און אויף די שיבן אָפּגעקלונגען, מען האָט שוין אויך געקלונגען צום איבערהייבן פֿון דער האָסטיע, און זי איז בסדר אַלץ געשלאָפֿן. אויפֿגעוועקט האָט זי ערשט דאָס גערויש פֿון טירן, וואָס האָבן זיך געעפֿנט איבער דעם גרויסן חצר, וואָרן ווי ס'איז געווען דער מנהג דעם צווייטן טאָג פּסח, נאָך דער טומע, האָט מען זיך געיאָגט, ווער ס'וועט דער ערשטער צוקומען צו זײַן כאַלופּע, אַזוי, אַז דורך די ביימער האָבן נאָר געשימערט די בריִ-קעס, וועלכע זײַנען געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און די פֿערד האָט מען געשמירט מיט די בײַטשן. זי האָבן זיך אַזוי היציק גע-יאָגט, אַז די כאַלופּע האָט זיך אויך געטרייסלט און דער טומל פֿון דעם רוישן און די געלעכטערן איז ווי אַ הינט דורכגעלאָפֿן.

זי האָט זיך געוואָלט אײַנטערהייבן, אַ קוק טון, אָבער די הויז-לײַט האָבן זיך גראָד אומגעקערט און יאַניסטינקאַ האָט זיך, פֿאַ-רענדיק אַרום מיטאָג, גענומען דערציילן, ווי ס'האָט זיך אָנגעשיט אַזאַ גרויסער עולם, וואָס אַ העלפֿט פֿון זיי האָט קיין אָרט נישט געהאַט אין קלויסטער, אַז אַלע הייף זײַנען זיך צוזאַמענגעפֿאָרן, און נאָך דער טומע האָט דער גלח צונויפֿגערופֿן די באַלעבאַטים אין דעם קליידער-צימערל און עפּעס זיך מיט זיי בעראַטן, יוזקאַ ווידער האָט דערציילט וועגן די פּריצהטעס, ווי אַזוי זיי זײַנען גע-ווען אויפֿגעשלייערט.

— צ'הייסט, די פּאַניענקעס פֿון וואָליע טראָגן דיר אַזעלכע קאָפּערטעס אויף די ועדיקער, פּונקט ווי די אינדיקעס, ווען זיי שטעלן די אויפֿגעשפּרייטע ווײַדלעך אויף.

— מיט היי פּאַקן זיי אויס דיזאַויקע ערשטער, אָדער מיט שמאַטעס — האָט די אַלטע דערקלערט.

— און אין גאַרטל איז בײַ זיי אײַנגעשטעמט ווי בײַ אַ בין, ווי מ'וואָלט זיי מיט אַ בײַטש דורכגעהאַקט, אַז ס'איז נישט צום דערקענען, ווי זיי טוען די בייכער אַהין... כ'האָב מיך צוגעקוקט פֿון דער נאָענט.

— ווײַ! ס'הייסט אונטערן גאַרטל פּאַקן זיי אַרונטער. ס'האָט מיר דערציילט איין הויפֿיסע, וואָס איז געווען אַ שטוב-מיידל אין באָדליצער הויף, ווי אַזוי אַ פֿייל פּריצהטעס וועגערן זיך אויס און

— כ׳וואָלט מײַן קאָפּ געגעבן, אַז דאָס איז דער קאַ־
חאַל.

— איז נישט אַנדערש, נאָר ער האָט זיך געיאָגט נאָך עפּ.?
אַן אָפּגעקוקטע וואָך!

— ס׳דען... נאָר, ס׳האָט זיך אים צרויסגעגליסטעט, דאָס
זאָג איך נאָר ענק...

— אוודאי, מ׳דאַרף כאַפּן בײַ דער האַנט, אָדער האָבן
עדות... נו, אויף וואָס אַ מענטש וואָגט זיך צוליבן גראָשן!...

— אפילו פּאָר צנטעקן כאַפּט ענק נישט אַרויס, מײַן טײַ־
ערער! — האָט זי געבעטן.

— צ׳ווייסט דאָך, אַז כ׳בין נישט קיין גיכער אויף צו פֿאַר־
טרײַבן זיך, און ס׳איז דאָך גרינגער אַ מענטש צו דערהרגענען,
ווי אים צו געבוירן. כ׳האָב אים געקענט, אַז ער איז אַ שווינ־
דלער, אָבער אויף אַזאַ זאַך וואָלט איך אים נישט חושד גע־
וען.

— ער איז פּשוט נאָך אויף עפּעס ערגערס, איך קען אים
שוין אײַנמאָל גוט...

דער וואָיט איז אָנגעקומען מיטן סאָלטיס און אָנגעהויבן צו
באַטראַכטן יעדער אײַנצלהייט, אויספֿרעגנדיק זיך בײַ יוזקען וועגן
אַלדינג.

— מען קאָנשיאָל וואָלט נישט געווּסט; וואָלט איך געקלערט,
אַז דאָס איז זײַן מלאכה... — האָט דער וואָיט אַ שפּעטעש גע־
טאָן.

— שטילערהייט, פּיעטער, וואָרן די קאָוואַלאַ בײַם אַהער צו
אונדז — האָט אים דער סאָלטיס אַ צי געטאָן.

— זיי האָבן זיך איבערגעשראָקן, אַז זיי האָבן אַבנים באַ־
נישט צוגענומען.

— חייוס אים, מ׳וואָלט געדאַרפֿט געבן צו וויסן די סטראַזש־
ניקעס... אַ פּריש עסק האָט דער טײַוול אָנגעטראָגן, אַז דער מענטש
קען דיר אפילו דעם יום־טוב נישט רויִק געניסן...

דער סאָלטיס האָט זיך פּלוצלינג אַראָפּגעצויגן און אויפֿגע־
הויבן אַן אײַזערנעם, פֿאַרבלוטיקן פּרעגעם.

זי האָט אָנגעמאַכט אזאַ ליאַרעם, אַז אַלע זענען זיך צוזאַ־מענגעלאָפן.

— בורעק איז דערהרגעט! פעטשנע גנבים!

— אַ פחד איז אויף זיי אָנגעפאַלן.

— סטייטש ס'איז נישט אַנדערש, אין נאָמען פון פאָטער און זון! — האָט יאַנוסטינקאַ אַ געשריי געטון, דערזעענדיק מיט־אַמאָל אַ קופּע אויסגעגראָבענע ערד און אַ גרויסן גרוב אונטער די באַלקנס.

— זיי האָבן זיך אונטערגעקאָפּעט אונטערן סאַמבאַס קאַ־מער!

— אַ לאָך, אַז אַ פערד וואָלט מען געקענט אַדורכ־שלעפּן!

— און תבואה איז דאָ פיל אין גרוב!

— יעזוס, און אפשר זענען זיי נאָך דאָרטן דאָ די גזלנים! — האָט יוזקאַ אַ געשריי געטון.

זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויף באַרינעס זייט. יאַנושאַ איז שוין נישט געווען, דער אַלטער איז נאָר געלעגן מיטן פנים צו דער שטוב, אין דער קאַמער הינטער, און וואָס מער ס'איז שטענדיק טונקל געווען, איז געווען אַצינד ליכטיק. אַ ליכטיקייט האָט דורכן לאָך אַריינגעוועצט, אַז מ'האָט באַלד געקענט דער־זען, אַז אַלץ איז געווען אויסגעגנבעט, די קאַסע, די אויסגעשיטע תבואה איז אויף דער ערד געלעגן צוזאַמען מיט די שמאַטעס וואָס מ'האָט פון די דרעננער אַראָפּגעריסן; אפילו די פּאַסטעט־ערן און וואָל זענען געלעגן צעפּלאָנטערט און צעקנאַדערט. ס'איז נישט קיין אופן געווען אויף אַמאָל צו דערגיין וואָס עס האָט געפעלט.

אָבער האַנקאַ האָט זיך אויפן אָרט געכאַפּט, אַז דאָס פון זיין דעם קאַוואַלס אַ שטיקל אַרבעט; אַ היץ האָט די אַדורכגענו־מען אויפן געדאַנק, אַז ווען זי וואָלט געווען מיט איין טאָג זיך פאַרשפּעטיקט, וואָלט זי געהאַט געפונען דאָס גאַנצע אין צוגעצו־טען... זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן גרוב, באַהאַלטנדיק

קוים אָפּגעטענדיק, די אַלטע האָט איר די שלייפֿן מיט עסיג אויס-
געריבן און ערשט דעמאָלט, ווען זי האָט איר אַריין אונטער דער
נאָז צוויבעלעס, איז חאַנקאַ צו זיך געקומען. אויפֿעפֿענענדיק די
אויגן, ס'האָט זי נאָר אָנגעכאַפּט אַ שלוקערץ.

אַלע זענען זיך טומלדיק געגאַנגען עפּעס טון אין באַלעבאַ-
טישקייט. חיטקע איז נאָר איבערגעבליבן און, אָפּקוקנדיק אַ גו-
טע געלעגנהייט, האָט ער אָנגעהויבן בעטן די באַלעבאָסטע, אַז
זי זאָל אים לאָזן גיין מיטן הענדל.

— ני ניי דיר, נאָר פּאַרפּאַסקע נישט דאָס אָנטאָן און
פֿיר דיך אויף אָרנטלעך! בינד אָן די הינט, כּדי זיי זאָלן נאָך
עפּעס אין די אַנדערע דערפֿער נישט נאָכלויפֿן! חען-וואָס גייט ער?

— באַלד נאָכן קלויסטער.

יאָנטעסינקע האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ דורך פֿענסטער
און אַ פֿרעג געטאָן:

— וווּ זענען דאָס די הינט, חיטקע? כ'האָב זיי אַרויסגע-
טראָגן עסן, כּדות, און כ'זע קיינעם נישט!

— אמת. ס'טייטש זיי זענען אין שטאַל אינדערפֿרי אויך
נישט געווען! לאַפּאַ! בורעק! נאַ דאָ! — האָט ער אָנגעהויבן
רופֿן אַרויסלויפֿנדיק פֿאַר דער שטוב, אָבער זיי האָבן זיך נישט
אָנגערופֿן.

— זיי האָבן געמוזט אין דאָרף אַריין אַנטלויפֿן, חאָרן
קלאַנגען צוויי יאָגט זיך... — האָט ער אויסגעטייטשט.

ס'איז קיינעם נישט איינגעפֿאַלן צו טראַכטן, וווּ די הינט
זענען אַהינגעקומען — ס'איז דאָך אַ געוויינלעכע זאַך. ערשט
עפּעס אין אַ צייט אַרום האָט יוזקאַ דערהערט שרייען אין הויף
ווי אַ טויב היילן, און גאָרנישט געטיגנעדיק דאָרט, איז זי אַוועק-
געלאָפֿן אין סאָד אַריין, טראַכטנדיק, אַז חיטקע רעכנט זיך דאָרט אָפּ
מיט עפּעס אַ פֿרעמדן הונט. זי האָט זיך פֿאַרחידעשט, ווען זי האָט
קיינעם נישט דערזען: דער סאָד איז געווען לער און דאָס היילן
איז שטיל געוואָרן; אָבער צוריקקערנדיק, האָט זי אָנגעטראָפֿן
אויף בורעקן: ער איז געלעגן אַ טויטער אונטער דער ווישניקער
האָגט — ר'האָט געהאַט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ.

געפּיצלטע קישקע, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט צוזאַמען מיט די איבעריקע צום עסנבעכן, אַרויסגראַבלענדיק מיט גיריקייט אַ גרע-סער שטיק.

— עסט גיך אויך, באַלעבאָסטע: מיט הונגערן וועט עך צום געוויינס גאָרניסט צוהעלפן...

— אַז דאָס פּלייט איז מיר שוין פאַרמיאוסט; טאַי וועל איך מיר עפּגאָכן.

— איך איבעררעכטשעטענקען די געדעריים איז עס נישקשה, אָבער ווען צ׳יאַלט ענק מיט בראָנפן איבערגעקאָכט מיט פעטי-קייט און מיט געהירץ אָנגעשטרונקען, וואָלט עס גיכער גע-האָלפן...

— ס׳דען, אַ טויטן וואָלטן אויסלכע רפואות לעבעדיק גע-מאַכט!... — האָט זיך צעלאַכט פּיעטרעק, וועלכער האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן יאַגושען, אין די אויגן איר אַרײַנגעקוקט, און צוגעבנדיק איר העלפן, אויף וואָס זי האָט נאָר אַ קוק גע-טון און כסדר אָנגעהײבנדיק מיט איר אײַנצוטענהן; אָבער ווײַל זי האָט אים אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַ ליאַדע ענטע, האָט ער אָנגעהויבן איבערצופרעגן די יאַגוסטינקען וועגן מאַטעושן, וועגן סטאַכאַ פּלאַש-קען און אַנדערע.

— ווי דען, כ׳האָב אַלע געזען, ווי זיינען זיך אַלע צוזאַמען, און ציטערן האָבן זיי פשוט הויפיסע, הויכע, ליכטיקע, מיט אַ פּאָד-לאָגע, נאָר דאָך, וואָס ס׳איז מיט אײַזערן שפּיגלעבס אין די פענ-סטער, כדי ס׳זאָל זיך זיי אַמאָל צו שפּאַצירן נישט פאַרגליסטן. און ספּײַז, שפּײַזט מען זיי אויך נישקשה. אַן אַרבעטס-גופּ האָט מען זיי אויף מיטאָג אַרײַנגעבראַכט; כ׳האָב פאַרזוכט: ווי זי וואָלט אויף אַן אַלט, שטיקל געקאָכט געוואָרן און מיט וואָגן-שמירעכץ געט ען באַשמאַלצן; איינער אַנדערן כאַלצייט ווידער, האָט מען זיי געפּרעגל-טע הירזש אַנידערגעשטעלט... נאַ, דער הונט וואָלט די לאַפּע אַפילו נישט אײַנגעהויבן, און וואָלט קיין שמעק נישט געטאָן. זיי לעבן, נאָר ווײַטער אײַנגעס, ווער ווידער ס׳פאַרמאָגט נישט קיין גראָשן, באַשטעלעט זיך דאָס עסן מיטן פאַסטערוש — האָט זי מיט ספּעק דערצײַלט.

לייזן — קיין שום שכר נישט: נישט קיין איין ליבלעך װאָרט אפילו, נישט קיין איין טרייסט־װאָרט!

— יעזוס, קוק אַראָפּ מיט דײַן רחמנותדיקן בליק, העלף, װאָרן כ׳װעל עס נישט איבערהאַלטן! — האָט זי געיאָמערט, אַרײַנדריקנדיק דעם קאָפּ אין קישן, כדי די קינדער נישט אויפֿצוּװעקן, און יעדעס ביינדל האָט זיך אין איר באַזונדער געטרייסלט פֿון װיינען, פֿון װייטיק, פֿון דערנידעריקונג און פֿון דעם שרעקלעכן עולה־געפֿיל!

זי האָט נישט געקענט פֿרײַ לאָזן אויסגיסן זיך דער נשמה דאָרט אין זײַן צנזעונגהיים, נישט דערנאָך בשעתן צודריקמאַכן אין דער אַנװעזנהייט פֿון מענטשן, איז דעריבער האָט זי זיך ערשט אַצינד אָפּגעגעבן אינגאַנצן דער פֿאַרצװייפֿלונג. אַצינד האָט זי שוין געלאָזט דער פּײַן דאָס האַרץ אויס צו צערײַסן; און די טרערן געלאָזט פֿליסן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צומאָרגנס װידער, אין הייליקן מאָנטיק, האָט זיך דער טאָג אויפֿגעהויבן נאָך אַ מער לויטער, נאָך מער אויסגעבאָדן אין זון און אין בלוילעכע נעפּלען, אָבער אויך מער אַ צעװייניקטער און עפּעס װי אײַנגאַנצן אַ פֿריילעכער. די פֿייגל האָבן העליקער געזונגען, און אַ װאַרעמער װינט האָט איבער די ביימלעך געבלאָזן, אַז זיי האָבן זיך װי ביז אַ שטילעטשקער תפֿילה צעפֿליסטערט; די מענטשן האָבן זיך מונטערער פֿון שלאָף אויפֿגעריסן, אויפֿפּראַלנדיק טיר און פֿענצטער, אויף גאַנס װעסל װענען די געלאָפּן קוקן, אויף די פֿעלדער, װאָס זענען מיט גרינס דורכגעשיט, אויף די אומגעהייערע שטחים ערד, װאָס זענען פֿון פֿרילינג פֿאַרװעבט, אײַנגאַנצן מיט זון באַגלאַנצט אין דער פֿריידיקער זון פֿאַרטרונקען, אויף די פֿעלדער, װוּ די װינטער־תבואה האָט זיך שוין אויסגעװיגט, פּונקט װי געלבלעכע, געטרײַסלטע װאַסערן װאָלטן צו די כװאַליעס געפֿלאָסן.

ס׳האָט זיך געװאָשן פֿאַר די שטיבן, דאָס איבערטרייטן זיך האָט זיך דורך די פֿעלדער געטראָגן, װוּ־נישט־װוּ ס׳איז האָט שוין אַ רויך פֿון קיכן געזעצט. די פֿערד האָבן אין די שטאַלן גע־

— אַז וואָלט איך שוין איינמאָל געשטאָרבן און מער נישט געליטן! — האָט זי אַרויסגעזיפֿצט.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אָן אַ וואָרט זיך אַרויסגעטראָגן. נאָר פֿאַר דער כאַליפּע האָט ער די הינטלעך, וואָס וועגן עפּעס ביין צעווילדעוועט געהאַט, איינגעשטילט, פֿאַרטרייבנדיק זיי אין דער בודע אַריין.

אָבער האַנקאַ, כאָטש זי האָט זיך באַלד צו די קינדער צוגעלייגט, האָט זי טראָץ דער פֿאַרמאַטערטקייט נישט געקענט בשום אופֿן איינשלאָפֿן. ווי דען!... מאַכש אַנטעק האָט זי ווי אַ באַלעבאָסיקן הינט אויפֿגענומען... דאָס בזהיר-ליקסטע עסן האָט ער מיט געשמאַק געגעסן, די פֿאַר גילדן האָט ער צוגענומען, נישט פֿרענדיק זי און נישט באַוווּנדערט זי אַפֿילו, וואָס זי האָט זיך מיט אַזאַ ווייטן וועג אָנגעמאַטערט!...

זי האָט אים דערציילט, וואָס און ווי אַזוי זי אַרבעט אין דער באַלעבאָסישקייט — האָט ער איר אַפֿילו קיין גוט וואָרט נישט געענטפֿערט, און פֿאַר נישט איין זאַך האָט ער זי מיט כעס געזידלט... וועגן גאַנצן דאָרף האָט ער זיך אויסגעפֿרעגט, און וועגן די קינדער האָט ער אַפֿילו נישט דערמאָנט... זי איז געגאַנגען צו אים מיט אַ געטרייַ און ליבנדיק האַרץ, פֿאַרבענקט אָן אַ שיעור נאָך זיינע לאַסקעס; זי איז דאָך זיינס אַ חופּה-קידושין-ווייב און אַ מאַמע צו זיינע קינדער, איז האָט ער איר אַפֿילו קיין צערטל נישט געטאָן, נישט קיין קוש געגעבן, נישט אויסגעפֿרעגט זיך וועגן איר געזונט... ווי אַ פֿרעמדער האָט ער זיך איר אויסגעהערט און ווי אויף אַ פֿרעמדע האָט ער געקוקט, נישט ווייטער מיט קיין חשק אויסהערנדיק אירע מעשׂיות, אַז צום סוף האָט זי שוין אַפֿילו נישט געקענט רעדן, אַ ווייטיק האָט זי געשטיקט, ברעכן האָבן זיך איר גענומען, איז האָט ער נאָך אַ געשריי געטאָן, אַז זי זאָל מיט קיין גנבֿעשע צו אים נישט קומען! טייערער יעזוס, ס'איז אַ נס, וואָס זי איז קיין טויטע נישט אַנידערגעפֿאַלן... דאָס איז פֿאַר דער שווערער האַרעוואַניע אַרום זיין האָב און גוטס, פֿאַר דער אַרבעט איבער די כּוחות. פֿאַר די אַלע

אין די כאַלופּעס האָבן זיך די פֿײַערלעך אײנס נאָכן אַנ-דערן געלאָשן, פּונקט ווי אויגן וואָס פֿאַרמאַכן זיך פֿון שלאָף; אַ שטילשווײַגן, וואָס איז אַדורכגעצאַמט מיט שטילצאַפּלדיקע ציטערן פֿון די בלעטעלעך און מיט אַ כויב, ווײַט ריזלען פֿון אַ טײַכל, האָט זיך צעגאָסן אַרום. נאָר באַם מילנער האָבן נאָך די פֿענצטער געלויכטן און ס'האָט זיך פֿאַרהײַלט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

אין די באַרינעס שטוב איז שוין געווען שטיל. אַלע האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן, פֿאַרלעשנדיק די ליכט. אַז נאָר לעבן די סטעפּ, וואָס איז מיט דער וועכטערס געזעצן אַרומגעשטעלט אויפֿן קוי-מען, האָבן נאָך קוילן געגליט, און אַ גריל האָט ערגעץ אין אַ ווינקל געשפּילט. אָבער ראָכאַ איז כּסדר אַלץ געזעסן אינדרויסן, וואַרטנדיק אויף האַנקען, אַז ערשט אַרום האַלבע נאַכט האָבן קאָ-פּיטעס זיך אויפֿן בריקל לעבן דער מיל צעפּויקט און באַלד דער-נאָך איז די בריקע פֿאַרפֿאָרן.

האַנקאָ איז אויסטערליש אומעטיק געווען און באַטריבן. אַז ערשט דאַמאָלט ווען זי האָט די וועטשער אויפֿגעגעסן און דער פֿאַראָבעק איז געגאַנגען אין דער פֿערדשטאַל אַרײַן, האָט ער זיך געוואַגט אַ פֿרעג צו טאָן:

— צ'האָסט געזען, דעם מאַן?

— דעם גאַנצן נאָכמיטאָג בין איך מיט אים געזעסן! ער איז געזונט און באַם פֿולן פֿאַרשטאַנד... ר'האָט ענק געלאָזט גריסן... און כ'האָב די איבעריקע פּירען אויך געזען... ס'האַלט זיך באַם אַרויסלאָזן, נאָר קיינער ווייסט ניט ווען... באַ דעם, וואָס דאַרף אַנטשעקן אויף די סאָנדעס צו פֿאַרטיידיקן, בין איך אויך געווען...

דאָס האָט זי נישט דערציילט, אַז אַ שטיין איז איר אויפֿן האַרץ געלעגן, נאָר אַזעלכע אַנדערע נאַרישקייטן גאָר, וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו האַנקען, ביז זי האָט זיך פּלוצלינג צעוויינט און כאָטש זי האָט דאָס פּנים מיט די הענט פֿאַרשטעלט, זענען איר די טרערן דורך די פֿינגער געראָנען.

— כ'וועל קומען אינדערפֿרי... רופֿט ענק אָפּ: צ'האָט ענק שטאַרק צעטרייסלט... ס'זאָל ענק חלילה נישט שאַטן...

געלד! אין אַ פּאָר װאָכן אַרום װעל איך אים ברענגען אין כאַליפּע אַרײַן, װעסט זען, װי ער װעט דאָס פֿאַרלירן אױפֿן גאַניק. אין קינגער װעט דאָך אים ניט דערקענען. נאָר גיב מיך ניט אַמאָל איס!

— ס'דען! כ'האָב דיך שוין װען ס'איז אַמאָל איבערגעגעבן! כ'איז מיר נאָר אַ װוּנדער, װי דו האָסט דיך געװאָגט דערצו, יש־חס!

— מײַנס האָב איך מיר אָפּגעטומען. כ'האָב געזאָגט, אַז כ'װעל ניט שענקען און כ'האָב אָפּגעטומען... כ'האָב אים אַװדאַי אױף דערױף אײַנגעװױנס, אַז אַנדערע זאָלן האָבן פֿון אים אַ נוצן. ס'דען!... — האָט ער אַ מירכל געטון און ר'איז אַװעקגעלאָפֿן ערגעץ אין פֿעלד אַרײַן.

ניט לאַנג האָט געדױערט, האָט ער זיך באַװיזן צוריק און זיך צוזאַמען מיט די קינדער אַנידערגעזעצט בײַם קױמען צו פֿאַרעדיקן דאָס װעגל.

און אין דער שטוב האָט זיך עפּעס געמאַכט אַזױ שלעפּעריק און אומעטיק. יאַנוס איז אַװעק געגאַנגען אין איר װײַט אַרײַן, ראָכאַ װידער איז געזעסן פֿאַר דער שטוב צוזאַמען מיט בײליצן, װעלכער האָט זיך שוין װי אַ ייִד געשאָקלט, אַזױ האָט אים דער שלאָף געפּײַניקט.

— גײַכס צהײם, װאָרן פֿאַן יאַצעק װאָרט דאָרט אױף ענק! — האָט אים ראָכאַ אײַנגערױמט.

— אױף מיר װאָרט ער... פֿאַן יאַצעק... סטײטש כ'לױף שוין... אױף מיר! גע... גע — האָט ער אַ פֿאַרחוּנדערטנער געשאָכלט, אױסגעכסטערנדיק זיך אײַנגאַנצן און איז אַװעקגעגאַנגען.

און ראָכאַ איז איבערגעבליבן אױף ד״ר פּריזבע, ער האָט געשעפּטשעט אַ תּפֿילה, פֿאַרקוקנדיק זיך אין דער נאַכט אַרײַן, אין דערדאָזיקער ניט דורכדריגליכער װײסקײט פֿון הימל, װוּ ס'האָט איס געציטערט פֿון שטערן־געשימער: אינגען װידער, איבער דער ערד. האָט זיך שוין אױפֿגעהױבן אַ שרעקלעך האַרנדיקע לבנה און די פֿינצטערניש צעבראָכט.

זי האָט זיך צוריק אומגעקערט פאַר דער שטוב, אָבער די שיקסלעך האָבן שוין געהאַט געענדיקט די שפּיל, מ'האָט שוין געהאַט אָנגעצונדן פייערן אין די הייזער. סטערן האָבן זיך איך חו-נישט-חו באַוויזן, און אַן אָוונט-קילקייט האָט פון די פעלדער אַ צי געטון.

אַלע פיערטעס האָבן זיך שוין געהאַט אומגעקערט פון שטאָט, און האַנקאַ איז נאָך אַלץ נישט אָפּגעפאָרן.

יוזקאַ האָט צוגעגרייט אַ וועטשערע: באָרשטש מיט קלבאַס אין קאַרטאָפלעס פעט באַשמאַלצן. זי האָט דאָס אָנגעהויבן אויפצוגעבן אויף דער באַנק, וואָרן ראָכאַ האָט געוואַרט, די קינדער האָבן געחלשט צו עסן. און יאַגנאַ האָט אַלעמאָל אַ קוק אַריין געטון אין שטוב אַריין, ווי וויטעק האָט זיך שטילינקערהייט אַריינגערוקט און גיך זיך צוגעזעצט צו די פאַרעדיקע שיסלען. ער איז אויסטערליש רויק געווען, ר'האָט ווייניק געגעסן און מיטן לעפל אָן די ציין געקלונגען, אַזוי האָבן אים די הענט געציטערט, און נישט צועסנדיק ביזן סוף אַריין, איז ער אַוועקגעלאָפן.

יוזקאַ האָט אים געכאַפּט אין הויף, פאַרן כליוו, ווי ר'האָט אין דער פאַלע אַריין אָנגענומען דאָס חזירישע עסן כו, צעבערל אַרויס, און זי איז צו אים שטרענג צוגעשטאַנען: וואָס עס איז אים געשען?

ער האָט זיך אויסגעדרייט, ווי ר'האָט נאָר געקענט, אָפּגענאַרט, אָבער צום סוף האָט ער אויסגעזאָגט דעם אמת:

— דאָס האָב איך באַם גלח דעם באָסטאָן מיינעם אָפּגענומען!

— יעזוס, מאַריאַ! און קיינער האָט דיך נישט דערזען?

— ניין, דער דאָבראָדזשעי איז אַוועקגעפאָרן, די הינט זיינען אַוועק פרעסן, און דער באָסטאָן איז געשטאַנען אויפן גאַניק! מאַטשוש האָט פריער אויסגעקוקט און געקומען צו לויפן זאָגן! מיט פיעטרעקס קאַפּאָטע האָב איך אים איבערגעדעקט, כדי ער זאָל מיר נישט קיין דושאַבע טון און אים אַוועקגעטראָגן צום באַהעלטעניש! נאָר לאָז די פערד פון מויל נישט אַרויס, מיין

ניט קענענדיק דערקענען. — אָבער ווייז גאָר דײַן משונהדיקן פֿייגל

ער האָט אַרויסגעטראָגן אויף דער ליכט דאָס הענגל, האָט אים שוין אינגאַנצן פֿאַרטיק געזען; פֿון וואָל איז עס געווען אויסגעשניטן און אַרומגעקלעפּט מיט טייג, אין וועלכן ס'זײַנען געווען אַרײַנגעשטעקט פֿעדערן, אַז עס האָט אויסגעזען ווי אַ לע־בעדיקס, וואָרן אַ קעפּל מיט אַ שנאָבל האָט עס געהאַט אַן אכתן, אויף אַ העלדזל אַרויסגעשטעקט.

אויף אַ רויט אָפּגעפאַרבט ברעטעלע איז עס זיך געשטאַנען, און ס'איז אַזוי קונציק געווען צוגעאַרבעט צו אַ קליין הענגעלע, אַז אַזוי ווי וויטעק האָט נאָר אַ ריר געטאָן מיטן לאַנגן דישעל, האָט דאָס הענגל אָנגעהויבן טאַנצן און די פֿליגל צו צעשפּרייטן, דערצו ווידער האָט טײַבאַשיאַק אַ קריי געטאָן, אַז די הענער האָבן זיך אויס פֿון ווײַטע שטײַגן אָפּגערופֿן.

— יעזוס, ציים איך לעב האָב איך נאָך אַזאַ משונהדיקן פֿייגל ניט געזען! — האָט זיך ד.רלעבן יוזקא אַראָפּגעלעצט.

— ר'איז גוט, האָ? כ'האָב צוגעטראָפֿן, יוזעפֿקע, האָ? — האָט ער מיט שטאָלץ גע.ורמלט.

— האָבט דאָס אַליין אויסגעאַרבעט? פֿון דײַן קאָפּ אַרויס?

אַ באַוווּנדערונג האָט זי כמעט אַרומגענומען.

— אַליין! יעגדרעק האָט מיר נאָר דעם לעבעדיקן האָן גע־ברענגט... אַליין, יוזעפֿקע...

— מײַנע טײַערע, ס'טײַטש ער רירט זיך דאָך ווי אַ לע־בעדיקער, כאָטש ר'איז פֿון האָלץ. ווייז אים די שיקסלעך!... זיי וועלן זיך דאָס אָפּוווּנדערן!... ווייז, וויטעק!

— נאַ, מאָרגן וועלן מיר גיין אויף „דינגוס“, איז וועלן זיי זען. ס'פֿעלן נאָך שטאַכעטעלעך אַרום, כדי ער זאָל ניט אַרויספֿליִען.

— איז גיב אַ בליק צו דער קי און קום אַרײַן אין שטוב אַרבעטן, ס'וועט דיר זײַן ליכטיקער...

— כ'וועל קומען, נאָר כ'האָב נאָך אויסן דאַרף עפּעס צו באַוואָרענען...

ריק אים די אויגן, האָבן זיי אים אַנטקעגנגעשטעלט אַ קלײנעם גאַניק
פֿונאַנדערלויפֿנדיק זיך ווי די שפּאַצן, מיט אַ געשריי אין אַלע זייטן.
ער האָט זיי נאָכגעיאָגט מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע הענט, אַרויס-
פֿאַלנדיק וואָס אַ ווײַלע אויף אַ פּלויט אָדער אויף אַ האַנט; ער
האָט זיך געלאָזט לויפֿן נאָך די געלעכטערן נאָך, אָבער נישט אַזוי
לײַכט איז אים אָנגעקומען צו כאַפּן, וואָרן ווי די שוואַלבן
האָבן זיי זיך לעבן אים אַדורכגעגליטשט, אַ שמייס געבנדיק אים
אין פּלייצן, אַז ס'האָט אויס אויפֿגעקאָכט פֿאַר דער כ..לופֿט, גלייך
ווי עמעצער וואָלט אַ סטאַדע זשערעבּאַקעס איבער די גרודעס דורכ-
געיאָגט, און געקוויטשעט, געשרייען, געלעכטערן האָבן אויפֿגעטרייסלט,
אַז ס'האָט זיך אויס אויפֿן גאַנצן דאָרף צעטראָגן.

די פֿינסטערניש איז שוין געדיכטער געוואָרן, די רויטקייט האָט זיך ווי אויסגעבערנט און די שפּיל האָט געהאַלטן אין בעסטן ברען, ווי מיטאַמאָל האָט אין הויף זיך דערהערט אַ הינער-שרייען.

יוזקאַ איז אין איין אָטעם אַהינגעלאָפֿן.

חיטעק איז געשטאַנען אונטער דער שאָפּע, באַהאַלטנדיק עפּעס הינטער זיך, און טלבאָשיאַק האָט זיך באַהאַלטן הינטער די אַקעראײַזנס, אַז דער קאָפּ האָט זיך אים געטרייסט.

— גאַרניסט, יוזשי... גאַרניסט... — האָט ער אַ צעמישטער געשעפּטשעט.

— אַ הון האָט זיך דערשטיקט... די פֿעדערן פֿליִען דאָך נאָך...

— כ'האָב נאָר באַם האָן אַ ביסל פֿון היידל אַרויסגעריסן, וואָרן כ'דאַרף דאָס האָבן צו מיין פֿייגל. אָבער ס'איז נישט אונדזער האָן, ניין, יוזשאַ! טלבאָשיק האָט אים פֿון ערגעץ געבראַכט צוטראָגן... זיינעם...

— חייז! — האָט זי שטרענג באַפֿוילן.

ער האָט איר אַ וואָרף געטאָן צו די פֿיס דעם האַלב לעבעדיקן עוף, פֿון וועלכן ס'איז אינגאַנצן געוואָרן אויסגעצופּט די פֿעדערן.

— אַוודאי איז ער נישט אונדזער! — האָט זי אויסגערופֿן,

— אָדער מיט יאַגאַן, װעסטו זי אויף אָפּװיסטן אַרומפירן — האָבן זיי מיט שפּאַס אים באַװאָרפן.

— װען כ׳װאָלט נאָר צו װעלכע פֿון ענק מיט בראַנפֿן געשיקט, איז װאָלט זי זיך קיין טשענסטעכאָװ אָװקגעלאָזט און אַ״ע פּרייסיק װאָלט זי פֿון פֿרייד געפּאַסט! — האָט ער אָפּגעענטפֿערט.

— און די מאַמע װעט דיך דען לאָזן, אַז מ׳דאַרף דיך גאָר האָבן אין דער כאַ״ופּע די סעפּ צו װאַשן און די הינער צו טאָפּן — האָט גאַטקאַ אױסגערופֿן.

— װאָרן זעסטו, אַז כ׳װעל מיך דערבײַזען גיי איך אַװעק צו מאַרישקאַ באַלצערקװנען!

— גיי: מאַרישאַ װאַרט שוין דאָרט אויף דיר מיט אַ פּאָמיעסלע, אָדער מיט נאָך עפּעס ערגערס...

— און לאָז זי דיך נאָר דערזען, איז לאָזט זי באַלד אַלע הינט אָפּ.

— און פֿאַרליר נישט דאָרט עפּעס אױפֿן װעג! — האָט גאָסטוש געלאַכט, אַ צי טוענדיק אים אַ קאַפּ באַ די הויזן, װאָרן אַלע מלבושים זײַנען אויף אים געװען װי אױסגעװאַקסן.

— ער רייסט שוין צו דעם זיידנס שטיװאַליעס.

— אַ קאַמיזאָיל גייט ער פֿון דעם אײַנשיט, װאָס די חזירים האָבן עס צעריסן.

די װערטער צוזאַמען מיט אַ געלעכטער זענען געפֿאַלן װי אַ האָגל; ער האָט אויך געלאַכט און האָט אַ שפּרונג געטאָן, כדי נאָכצוקען אין דער העלפֿט אַרומצונעמען, אָבער אײנע פֿון זיי האָט אים אַ פֿוס אונטערגעשטעלט, אַז ער האָט זיך, װי לאַנג ער איז, אַ צי אױס געטאָן אונטער דער װאַנט, נישט קענענדיק אױפֿשטיין, װאָרן זיי האָבן אים אַלעמאָל אומגעשטופּט.

— לאָזט אים צורו, צװאָס... — האָט זיי יוזקאַ אײַנגעשטילט, העלפֿנדיק אים זיך אױפֿהײבן, װאָרן כאָטש ר׳איז אַ סטכאָיע, אָבער אַ באַלעבאָטישער זון איז ער געװען און אויך שױט אַ שטיקל קרוב פֿון דער מאַמעס צד.

דערנאָך האָבן זיי געשפּילט אין קליפּע-באַבע.

אויף דערויף האָט מען יאַשקען אױסגעקליבן אַזױ. פֿאַרבינדנ-

טערן מיט יאַשקע פּושעטראַבנין, וועלכער איז נאָכגעקומען צו
לויפן נאָך גאַסטושען, כאָטשיק יענע האָט אים שוין איינגאַנצן אָפּ־
געטריבן פון זיך, רעכענענדיק אויף עמעצן אַנדערש. יוזקאַ האָט
די אויפגענומען, ווי זי האָט נאָר געקענט, מיט אייער־קיכן און
מיט קעלבאַס.

גאַסטושיאַ האָט אַלס די עלצטע מיטן רעדל אָנגעפירט און
ווייל זי האָט צום מיינסטנס אָפּגעלאַכט פון דעם גאַנץ, וועלכער
איז געווען אַ שלימזל, און געוואָלט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ
פּראַוועצק, אַ חוילן יונג; ער איז טאַקע געשטאַנען פאַר אַלע, אין
די געפּאַסעוועטע הויזן, אין אַ ניי־ם שפּיגלנייעם און אין דעם קאַ־
פּעליוש אויף אַ זייט, האָט ער זיך אָנגענומען אונטער די זייטן,
און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— צ׳מוזט נאָך מיר שטיין, ווייל כ׳בין איין פּראַוועצק אין
דאָרף!

— האָב נישט קיין מורא: נאָך די בהמות נאָכצולויפן איז
נאָך דאָ ווער!

— אַזאַ פּאָקראַקע, צו קאַרטאָפֿליעס שיילן טויג ער!

— די קינדער די נגזלען אָפּצווישן! — האָט איינע אי־
בער דער אַנדערער געקריטיקעט, אַרויסזאָגנדיק מיט אַ הילכיק גע־
לעכטער, אָבער יאַשקע איז בײַ זיך נישט ראָפּגעפאַלן, ר׳האָט
אַ שפּרינג געטאָן מיט דער פלינקע דורך די ציין און אויסגערופן:

— איך שטיי גאָרנישט נאָך אַזעלכע נאַרישע בוציקעס!...
גענוג פּאַסן דאַרפט ער נאָך!

— אַליין האָט ער נאָך פאַרלאָרן אַרום דעם קי־ווײַדל גע־
טאַנצט, און אַצינד מאַכט ער דעם אָנשטעל פון אַ פּראַוועצק!...

— און יעדן טאָג האָט ער די הויזן פאַרלוירן, אַזוי איז ער
מער אַ ביק אַנטלאָפן.

— האָב חתונה מיט יאַנקעלס מאַמען, צ׳פּאַסט ענק אַקוראַט
צו.

— זי ניאַנטשעט יידישע קינדער, ווען זי דיר אויך קענען
די נאָז אָפּווישן.

די קינדער, װאָרן זײ זענען אױך אױסן װעג אַרױסצוקריכן.

צו דער אָװנט־תּפֿילה האָט מען אָנגעהױבן קלינגען.

די זון האָט זיך שױן געהאַט אַריבערגעקײקלט צו די װעלדער־צו און די בײמער האָבן אָנגעהױבן לײגן לאַנגע שאָטנס אױף די װעגן און זײַטן סטאַװ, און אַ פֿאַרנאַכטיקע שטילקײט האָט אַרום די װעלדער פֿאַרהילט, אַז מ׳האָט געהערט דאָס װײַטע רױשן נאָך פֿון די פֿורן; די געשרײען פֿון די פֿײגל אױף די פֿעלדער און דאָס שטילע דורכנעמענדיקע שפּילן פֿון דעם אָרגל אין קלױסטער.

און װײַל אַ מײַל האָט זיך שױן פֿון דער שטאָט געהאַט אָפּגערוקט, האָבן אַלע בריקלעך אױך אָנגעהױבן פֿריקן פֿון די טרעפּעס, אַז ס׳איז מען געלאָפֿן נײַעס הערן.

נאָך דער אָװנט־תּפֿילה װידער, בײַם סאַמע זון־אונטערגאַנג, איז דער דאָבראָדזשעי אָנגעקעפֿאָרן מיטן װעג קײן װילקאַ. יאַס־בראָדסקי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אין הױף אַרײַן אױף אַ באַל, און באַלד נאָך זײַן אַרײַנקומען, האָט זיך דער אָרגאַניסטער מיט זײַן גאַנץ הױזגעזינד אַ שיט געטאָן צום מילנער צו גאַסט; יאַס אַ האָט געפֿירט די מוסטער, װעלכע איז אָן אַ שיטור געװען אױפֿגע־שלײַערס און פֿרײלעך באַגריסט די פּיקסעס, װאָס האָבן פֿון די הײף אַרױסגעקוקט.

אַ שטילער בין השמשות האָט זיך איבער דער ערד אױסגע־שפּרײט, די זון איז פֿאַרגאַנגען, און די רױטקײט האָט זיך װאָס אַמאָל ברײטער צעגאָסן, אַז כּמעט אַ האַלבער הימל איז אין בלוטיקע פֿלאַמען געשטאַנען, גלײַך װי מיט גליענדיקע קױלן באַשיט, די װאַסערן האָבן זיך בלוטיק צעשפּיגלט און די שײַבן אױפֿגעפֿלאַקערט, פֿון שטאָט װידער איז װאָס אַמאָל מער פֿורן אָנגעקומען, און װאָס אַמאָל העכער האָבן די קולות פֿאַר די הײַזער גע־טומלט.

נאָר האַנקען האָט מען אַלץ ניט געזען, אָבער טראָץ דעם איז פֿאַר דער כאַלופּע געװען טומלדיק און פֿרײלעך; שיקסעס און אײן עלטער מיט יונגען זענען זיך צו איר צוזאַמענגעקומען, אַז זײ האָבן װי די קלאַפּנדיקע שטשיגלעס זיך אױף דער פּריזבע און אױפֿן גאַניק באַזעצט, פֿאַרװײַלנדיק זיך מיט פֿאַרשידענע געלעכ־

קיסן, בײַ אַ דרײַסיק באַלעבאַטים װאָלט מען געקענט דאָרט בײַ־
זעצן, ס׳דען... בײַ אַ דרײַסיק... אָבער צי װעט דען דער פּריץ
פֿאַרקױפֿן, אַז ער דאַרף קײן געלט ניט צו האָבן!... אַזאַ
עושר...

— ס׳דען! אַן עושר, און דרײט זיך אױס נאָך אַ גראָבן
װי אַ שלאַנג. אַז בײַ פּױערן אַנטלױפֿט ער שױן אפֿילו און װו ער
קען נאָר. די ייִדן שטיקן אים פֿון אײן זײַט, װאָס זײ האָבן אים
איבער װאַלד געגעבן, פּאַראַסקאַס איז ער שולדיק. די הינט־לײַט
צאָלט ער ניט, די אָרדינאַריע אױף נײַ יאָר, װאָס ס׳קומט זײ
האָבן זײ נאָך ניט געקריגן, אומעטום איז ער שולדיק, און װו,
װעט ער דאָס נעמען אָפּצוגעבן. אַז דעם װאַלד האָט די רעגי־
רונג פֿאַרבאָטן צו האַקן, כּל זמן ער װעט זיך מיט די פּױערן
ניט אױסגלײַכן! ער װעט ניט לאַנג אײַנזיצן אין װאָליע, נײן.
מען שמועסט, אַז ער קוקט שױן אױס אַ סוחר... — האָט זיך
די קאָװאַלאַדע גומגעריכט צערעדט, אָבער װען ראָכאַ האָט זי
מער געװאָלט בײַ דער צונג אַ צי טון, האָט זי זיך עפּעס פֿאַר־
האַקט און אָפּגעשיקנדיק אים מיט אַבי װאָס, האָט זי די קינ־
דער צונױפֿגערופֿן און אַהײמגעגאַנגען.

— זי טוט אַ סך װיסן פֿון אירן, נאָר זי האָט מורא זיך
אַרױסצוזאָגן... ס׳איז אמת, אַז די שכניש פֿעלדער װעגן פּרוכס־
באַר, די לאַנקעס קען מען צװײ מאָל שנײַדן, אמת... — האָט
דער אַלטער איבער קול אַרײַנגעטראַכט, פֿאַרקוקנדיק זיך אױף די
פֿעלדער, װאָס ליגן לעבן װאַלד, װו מ׳האָט אַרױסגעזען פֿון
הינטער די סטױגן די דעכער פֿון די גיטער־געבײַדע, נאָר ראָכאַ
האָט אים ניט אױסגעהערט, װאָרן דערזעענדיק די קאָװאַליכע,
װעלכע איז געשטאַנען בײַם סטאַװ מיט פּױערטעס, איז ער גיך צו
די צוגעגאַנגען.

— הי... הי... װי װעגן בײַנעקסטן דעם פּריץ... יעװױס
פּײַנער, און די פּױערן װאָלטן זיך דאָס נישקשהדיק מחיה געװ־
װען... אַװדאי... אַ צװײט דאַרף װאָלט זיך אײַנגעבױט, קײן
הענט און איך קײן העטשריקע אױף ערד װאָלט ניט פֿעלן...
אַװדאי... — האָט זיך בײַליכע צעטרױסט, געלױפֿנדיק נאָך

גען, װאָרן זײ זענען צוזאַמען אַרײַנגעגאַנגען לעבן סטאַוו און
לאַנג דאָרט אויף די שטײנער געזעסן, אײַנגעהונקען עפּעס אין
דער שטיל, אַז מ'האָט שוין פֿון לאַנג געהאַט אויף סימאָג גע-
קלונגען, ווען זײ זענען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען. ראָכל האָט זיך
אומגעקערט אײן גאַניק, אָבער ער איז עפּעס געווען אַנטשי-
טיקט זון; אומעטיק געקוקט.

— דאָס פּריצלטשינע איז נעבעך אײַנגעגאַנגען פּאַרדאַרט גע-
װאָרן, אַז כ'האָב אים קוים דערקענט! — האָט זיך בילינאַ צעפּ-
טערוסן.

— צ'האָט אים דען געקענט? — האָט ער איבערגעענטפֿערט
דאָס קול, אומרויקנדיק זיך אויף דער קאַזאַלאַדע.

— ווי נאָך... ר'האָט נישט ווינציק אָנגעגעבן אין דער
יוגנט, נישט ווינציק... אַ תּלין איז ער דיר געווען אויף שיק-
סעס... און וואָליע האָט ער קײן אײנע נישט אַדורכגעלאָזט...
כ'געדענק עס גוט, ווי ס'האָט פֿאַר אַ צוגאָטע פֿערד ער פֿלעגט
אַרויספֿאָרן... ווי ער האָט צוגעלעבט... כ'געדענק... — האָט
דער אַלטער געשמאָלט.

— ר'האָט פֿאַר דאָס געטומלען אויף זיך אַ שווער אָפּקלאַ-
גיש, אַ שווער!... זענט איר טאַקע דער עלצטער אין דאָרף,
האַ?

— יאַמבראָווסקי כּוז זײַן עלטער, וואָרן צײַט איך געדענק
נאָר, איז ער שטענדיק געווען אַלט.

— ער זאָגט אַלײן, אַז דער טויט האָט אָן אים פֿאַרגעסן! —
האָט זיך די קאַזאַלאַדע צערײַנגעמישט.

— דער טויט פֿאַרגעסט נישט אָן קײנעם, נאָר ער לאָזט
זיך דערמאָנען איבער, כּדי ער זאָל אים בעסער צעקריגלען,
װאָרן ר'איז האַרט, סדען... ער דרײט זיך אַרום ווי ער קען
נאָר... ס'דען... — האָט ער שטיל געשמאָלט.

זײ זענען אויף לאַנג אַנטשווינגען געוואָרן.

— כ'געדענק, ווי אין ליפּנע זענען כּך הכּל טעטען גע-
לעבאַטים געווען — האָט ווידער בילינאַ אָנגעהויבן, אויסגעצנריק
נישט דרײסט די פֿינגער צו ראָכלס טאַבאַק.

— נישט מער, ווי די קאַרטאָפליעס פאַרזעצן און די אַר-
בעט פאַרטיקן.

— בײַ אַנדערע איז דאָס אויך נישט אָפּגעטאָן!

— זיי וועלן נאָך דאַנקען; מ'שטופּט, אַז מ'וועט אָפּלייגן די פייערן אויף נאָך פּסח

— וואָס פאַר אַ מייסטער האָט דאָס דאָרט געזאָגט?

— פאַרשידענע האָבן אין קלויסטער געזאָגט! די קאָלאָ-
ניע פאַרלאַנגט זיך צו גיין בעטן דעם פּריץ..

— אַ נאַר, דער פּריץ האַלט זיי אײַנגעשפּאַרט, צי וואָס?

— כדי ער זאָל זיך אָננעמען, איז אפשר וואָלט מען זיי
אַרויסגעלאָזט...

— ר'האָט זיך שוין איינמאָל אָנגענומען און ס'האָט נישט
געהאָלפן...

— ער זאָל נאָר וועלן, נאָר ער וויל נישט, ווײַל ער איז
אין כעס אויף ליפּען, זאָגט מען... — האָט זי פּלוצלינג אָפּ-
געהאַקט, איבערבייגנדיק איר צעמישט פּנים איבערן קינדס קעפּל,
וואָס זי האָט עס צווישן די קני געהאַלטן, אַזוי, אַז ראָכל האָט
בחנם געזאָרגט אויף עפּעס אַן ענטפער.

— וועמען פאַרלאַנגט זיך דאָס די קאָלאָניע? — האָט ער נײַ-
געריק אַ פרעג געטאָן.

— באַלד נאָך מיטאָג האָט זי געזאָלט גיין...

— זיי וועלן נאָך אַוועקפירן אויפן, וואָס זיי וועלן זיך אי-
בערלויפן און פרישע לופט אָנשעפּן.

זי האָט נישט געענטפערט, וואָרן פון הויף האָט זיך דערהערט
געדרייש פון וועג דער פון יאַצעק, דעם פּריצס ברודער, וועגן
וועלכן מ'האָט גערעדט, אַז ער איז געוועזן אַביסל נאַרישהאַפט,
וואָרן ר'האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט דער פידל, אויף
די שפּאַצירן. אונטער די הייליקע סיגורן פלעגט ער שפּילן און
נאָר מיט פויגלען זיך פאַרהאַלטן. ער איז געגאַנגען אײַנגעבויגן,
מיט דער פידל אונטערן אָרעם, מיט דעם ליולקעלע צווישן די
ציין, אַ דאַרער, אַ הויכער, מיט אַ גאָל בערדל און מיט לויטנדי-
קע אויגן. ראָכל איז אַקעגנגעגאַנגען. זיי האָבן זיך געגריסט קע-

— עס װעט ניט מיטגעפאָרן מיט דער מאמען? — האָט ער אַ פרעג געטאָן יאַנגען, װעלכע איז גראָד אַרײַנגעגאַנגען.

— װער דאַרף מיך דאָרט צו האָבן! זי איז אַרײַנגעגאַנגען פאַרן הויף, קוקנדיק מיט בענקשאַפט אויף די פעלדער.

— זי האָט אַ נײַעם װעלגיאַק הײַנט! — האָט מאַגדאַ מיט אַ זיפץ אַ מורמל געטאָן.

— נאָך דער מאַמען, צ׳דערקענט אים גאַרניט, װאָס? און אַלע קרעלן האָט זי אויך זיך אָנגעהאָנגען און די גרױסע בורשטינען װעלן אויך נאָך דער מאַמעשי! — האָט איר יוזקאַ מיט װײַטיק איבערגעקלערט. — נאָר דאָס מיכל אײַזן קאָפּ, װאָס ס׳איז איר...

— אמת, אזוי פיל קלײדער װעלן נאָך די אַלע פאַרשטאָרבענע איבערגעבליבן, איז אונדז האָט ער דאָס ניט געװאָוסט אָנרירן, און איר האָט ער אַלדינג אַװעקגעגעבן און אַצינד פאַראַדעװעט זי מיט זײ...

— אַװדאַי, זי האָט זיך נאָך אַנימאָלס באַקלאָגט פאַר גאַסטקען, אַז זײ װעלן פאַרלעגנגע און שטינקען...

— אַ, ס׳זאָל איר נאָך אַזוי שמעקן די טיװלאָנישע צאַה!

— לאָז נאָר דער כאַסע געװוּנט װערן, װעל איך מיך באַלד אַ מאָן טאָן װעגן די קרעלן, פינף שנורן װעלן איבערגעבליבן, לאַנגע װי די בײַטשן און גרעסער װי די אַרבעס!

מאַגדאַ האָט זיך שוין מער ניט אָנגערופן: אַשװײַגנדיק נאָר שװער, האָט זי אָנגעהויבן דאָס ייִנגסטע קינד צו לוילן. יוזקאַ האָט זיך אויך באַלד אויפגעהויבן און אויפן דאָך זיך אַװעקגעצויגן, װײַטער האָט נאָך עפּעס געמײַסטרעװעט הינטער דער פערדשטאַל באַם הײַזל, די קינדער װידער האָבן צוזאַמען מיט די הינטלעך אַרומגעשטיפט פאַרן גאַניק, אונטער בלײַכע איפּויכם, װעלכער האָט אויך זײ אַכטונג געגעבן װי אַ קאָקנסקע, און ראַבען איז אַ קאָפּ אײַנגעשלאָפן.

— צ׳האָט געטענריקט די פעלד־אַרבעט?

נישט געטון אויף איר, אָבער וואָס זי האָט אים אין די צײַן אַרײַנ-
געשטופּט, האָט ער גערן אויפֿגעגעסן, קוקנדיק דערבײַ כסדר מיט
א טײַכן בליק, ווי שמײכלדיק. ער וואָלט אַפֿשר נאָך מער גע-
געגעסן, אָבער יוזקען האָט זיך געלאַנגווײַליקט און זי איז אַרויס-
געלאָפֿן אין דרויסן צו קוקן, ווי כמעט פֿון יעדער כאַלופּע זענען
פֿויערטעס אַרויסגעפֿאָרן אָדער אַרויסגעגאַנגען מיט טאָרבעס, אַז
בײַ א צען פֿורן האָבן זיך אין שטאָט אַרײַן געצויגן, און בײַ די
ראַטעס האָבן זיך רויס אָנגעשטופּט פֿויערטעס מיט פּעקלעך אויף
די פּלייצעס געציגן;
און ווען די לעצטע געפֿורן זענען אין דער לופֿט פֿאַר-
פֿאַלן געוואָרן, איז אויפֿן דאָרף אַן אויסטערלישע אומעטיקע שטיל-
קייט און פּוסטקייט געפֿאַלן; דער טאָג האָט זיך לאַנגזאַם געשלעפּט,
א טויבע שטילקייט האָט זיך אויף די הײַזער אַפּגעלייגט, נישט קיין
געשפּרעכן, ווי עס פֿירט זיך געווײנטלעך אין אַ נײַעם, נישט קיין
געזאַנגען, נישט קיין מענטשן, בלויז נאָר א ביסל קינדער האָבן
זיך בײַם טײַך געשפּילט וואָרפֿנדיק שטײנער אויף די גענדז.
די זון איז געגאַנגען וואָס אַמאָל העכער, פֿאַרגיסנדיק מיט
א העלקייט די וועלט; ס'איז געוואָרן וואַרעמער, אַז די פֿליגן האָבן
שוין אויף די שויבן געזומט, שוואַלבן האָבן עקשנותדיק מיט די
פֿליגעלעך געפּאַטשט אין דער לויטערער לופֿט, דער שטאָט האָט
געשימערט מיט פֿײַער, די בײַמער זענען ווי מיט גרינע
אָפּגעטונקען געוואָרן, געגלאַנצט מיט פֿרישקייט, צעגיסנדיק זיך מיט
האַניק־ריחות; פֿון די אומגעהײַערע פֿעלדער, וואָס זענען מיט א
בלויקייט פֿאַרשוווּכן געווען, האָט מיטאַמאָל א צי געטאָן א לערכ-
געזאַנג; די גאַנצע וועלט האָט געציטערט מיט א פֿרילינגדיקער,
שטילער מילדקייט, און פֿון די דערפֿער, וואָס מ'האָט זיי קוים אין
דער ווײַטקייט אַרויסגעזען, וואָס זענען פֿון דער ווינטער שרפֿה ווי
פֿאַרגעפֿלט געווען, האָבן זיך צעטאַנצט יאָדערדיקע געשרייען גע-
טראָגן און קנאַלן פֿון פּיטשקאָלעצן־שאָסן!
נאָר אי, ליפּצע איז געווען פּוסט און טרויעריק, ווי בײַ א
לוויה, מער נישט ווי די בהמות, וואָס מ'האָט זיי טרײַבן אַרויס-
געלאָזט, זענען אַרומגעקראָכן, ווו זיי האָבן נאָר געוואָלט

קימען, באַגנוגנדיק זיך בלויז מיטן קאַלט געהייליקטן טעם.
האַנקאַ האָט עס גראָד טאַקע אַריינגעבראַכט פֿון פֿאָטערס שטוב,
געשפּילנדיק איבער די פֿינגערס אַזוי, אַז יעדערן איז גלייך אײַס־געשטאַנען צו שמעקן קאַלבאַס, שינקע, קעז, ברויט, אייער און זיסן שען.

ערשט דערנאָך, ווען זי אַליין האָט זיך אויך געהאַט אי־בערגעטין, האָט זי אַלע צוזאַמענגערופֿן צום עסן און זי איז אַפֿילו נאָך יאַגעטן געגאַנגען; זי איז טאַקע באַלד אַריינגעקו־מען פֿון צווישן פּלייערס און אַזאַ שיינע, אַז ווי דער מאָרגנרויט האָט זי אויסגעזען. אין די בלויע אויגן האָבן איר ווי די שטערן פֿון אונטער די פֿלאַקסענע, גלאַט־צוגעקעמטע האָר אָפּגעלויכטן. אָבער אַלע זענען דערפֿרייליכן געזעסן אין יום־טובֿיקע מלבושים אויסגעשלייערס און די חלניאָקעס און גאַנצטן האָבן אין די אויגן געבלישטשעט, און אויך חיסעק, כאָטשיק אַ באַרוועסער, האָט געהאַט אויף זיך אַ ניי שפּיגלדיל מיט גלאַנציקע קנעפּ, וואָס ר'האָט געהאַט אויסגעבעטן פֿון פּיטערעקן. ווערבער איז אויך היינט אַרויסגעקראָכן אין אַ פֿעלשטענדיק ניי אָנטאָן: אין אַ גראָ־גאַטענעם זשופּאַן און מיט געל־גרינע געפֿאַנטשעטע הויזן ער האָט זיך פֿיין אויסגעגאָלט, די האָר האָט ער זיך אײַנגעגאָסן צע־געשוירן, צעפּנהאָק: גלייך איבערן שטערן און דאָס העמד מיט אַ רויט בענדל איבערגעבונדן, אַז ווי נאָר ר'איז אַריינגעקומען, זענען זיי אַלע דערשטוינט געוואָרן פֿון דערדאָזיקער פֿאַרענדע־רונג, און יוזקאַ האָט צום אין די הענט אַ פּאַטש געטאָן:

— דאָס איז פּיעטרעק! די אייגענע מאַמע וואָלט דיך ניט דערקענט!

— ר'האָט פֿון זיך בירעקס פֿל אַ־אָפּגעזאָגן. איז ער אַ פֿאַראַבעק ווי אַ ליכט! — האָט בילינאַ צוגעגעבן.

דער פֿאַראַבעק האָט נאָר אַ שמייכל געגעבן, אַ פֿיר טרוי־ריק מיט די אויגן אויף יאַגעטן און מיטן האַלדז אַ שלוק געטאָן, וואָרן האַנקאַ האָט איבערצולאָזנדיק זיך, צו יעדן אײַנגיסן בראַנפֿן; געטרונקען און געצוואונגען צום טיש דיך צו זעצן. זיי האָבן פֿאַר־

ערשטער, דערהויבן! פון דעם גרויזאַמען טויט האָט ער זיך אַרויסגעריסן. צום מענטשנס גליק, האָט ער גיכער געזען דאָס נייעס ביי-קומענדע. זון אָט אין דערוואַזיקער פרוכטבאַרער יאָרצייט דערהייבט ער זיך איבער דער ערד. פאַרבאָרגן אין דערוואַזיקער אַלערהייליקסטער זון, און צעזייטע פרייד אַרום. ר'חצקט איך פאַרחלשטע, מאַכט יעדעריק טייטש, הייבט אויף די דערנידעריקטע, באַפרוכפּערט די אומפרוכטבאַרע.

הללויה! הללויה! הללויה!

אַט ביז דעם האָט זיך דיר די גאַנצע וועלט צעשאָלט אין דעמאָלדיקן געפלעכן טאָג.

נאָר אין ליגנט איז געווען שטילער און טרויעריקער, ווי אין אַנדערע יאָרן אין דערדאָזיקער צייט.

זיי זענען נישקשהדיק פאַרשלאָפן, וואָרן ווען ס'איז שוין אַ שטיק אויפן טאָג געווען, ווען די זון האָט זיך שוין געהאַט איבער די סעדער אויפגעהויבן, איז האָט זיך ערשט דעמאָלט אַ באַוועגונג אויפגעהויבן אין די כאַלופּעס, ס'האָבן אויפגעכאַפּטע די כויערן און צעקאָסמאַטע קעפּ האָבן צעגענעצטע אַרויסגעקוקט אויף גאָטס וועלט, וואָס איז אינגאַנצן אין דער זון פאַרטרונקען געווען, מיט לערכן-געשטשעבעטשער פאַרקלונגען און מיט אַ יונגער גרינקייט באַשאָטן.

און אויך בײַ די באַרינעס זענען זיי פאַרשלאָפן. איין האַנקאַ נאָר, וואָס האָט זיך אַ ביסל פריִער אויפגעהויבן, כדי אויסצוזוכן פּיטערעקן, ער זאָל צוגרייטן דאָס פערד מיט דער בריקע, אַליין ווידער האָט זי זיך פאַרנומען מיטן צוגרייטן דאָס געהייליקטע. יוזקאַ האָט דערווייל מיט נישט קיין קליינעם געקוויטש די קינדער אויסגעשלייפערט, אַליין זיך אויך איבערגעטאָן אין יום-טובדיקע קליידער, און בײַ דער ברונעם אויפן הויף האָט פּיטערעק מיט וויסקן זיך צעפּוצאָשן אויף ריין; נאָר דער עלטער ביליצאַ האָט זיך פאַרשפּילט מיטן הינטל אויפן גאַניק, פון צייט צו צייט אַ צי צרוף טוענדיק מיט דער נאָז, ווי מען שניידט שוין נישט אַמאָל דעם קעלבעלע.

לויטן מנהג, האָט מען נישט אָנגעצונדן קיין פייער אין

זי האָט זיך נאָך אירע אײגענע אומגעקוקט. שלעפּנדיק זיך פּאַמעלעך אהײם, װאָרן כּורן האָבן זיך אין אַן אומאױפֿהערלעכער קײט געצױגן, און בענטשן זענען גאַנצע מחנות געגאַנגען מיט דער זײַט פֿון װעג, װאָס מ׳האָט קײם אַרױסגעזען, װײַל די לבֿנה איז שױן געװאָרן פֿאַרגאַנגען און ס׳איז פֿינסטער געװען אױף דער װעלט. טונקל־גרױע װאָלקנס האָבן זיך געצױגן אינדערהײך, װאָס אַ װײַלע פֿאַרדעקנדיק די גראַנאַטע פֿעלדער פֿון הימל, װו װײַסע שטערן האָבן געגליט.

ס׳איז געגאַנגען אַ װאַרעמע, שטילע נאַכט, אַ נאַסלעכע פֿון טוי־שפּע, פֿון די פֿעלדער האָט געצױגן אַ װײכיסטקע װינטעלע, װאָס איז מיט ערד־רוקײט און נאָס: לאַנקעס אַדורכגעזײַכטן געװע־ װען. און איבער די װעגן האָבן זיך הענגיק־ריחות פֿון די טאָפּאָלן און בזשאָזעס פֿונאַנדערגעטראָגן. ס׳האָט געװימלט מיט מענטשן און די שאָמנס פֿון דאָרף, און נאָר װו־נישט־װו האָבן קלאַפּ אױף דער העלקײט פֿון דער נישט פֿאַרשטעטער לופֿט אַ סיכער געזען; אומעטום האָבן זיך געהערט טריט און שטימען. אױף די הינט האָבן פֿאַרביסענער געבילן פֿון די הײף, און אין די כאַלופּעס האָבן דאָ און דאָרט פֿײַערלעך אױפֿגעבליטשטשעט.

האַנקאַ האָט אַ בליק טוענדיק אײַנגעזעגנט צו די פֿערד־שטאַלן און בהמות־שטאַלן, אַרײַנגעגאַנגען אין דער כאַלופּע. אַלע האָבן זיך שױן דאָרט געלײגט שלאָפֿן.

— לאָז ער זיך נאָר אומקערן אהײם און אָנהײבן באַלעבאָ־ טעװען, איז װעל איך אים מיט קײן װאָרט אַפֿילו נישט דערמאָ־ נען דאָס, װאָס ס׳איז געװען. — אַזױ האָט זי באַשלאָסן, זיך אױס־ טוענדיק צום שלאָף. — און אַז ער װעט זיך װידער מיט איר אַרײַנלאָזן? — האָט זי פּלוצלינג אַ טראַכט געטאָן, דערהערנדיק יאַנטשן, װעלכער האָט זיך אױף איר זײַט צוריקגעקערט.

זי האָט זיך אַרײַנגעלײגט אין בעט אַרײַן, אײַנהאָרכנדיק זיך נאָך אַ לאַנגע צײַט. אין דאָרף איז געװען שטיל, נאָר פֿון די װײַ־ טע װעגן האָבן זיך נאָך דערטראָגן די לעצטע װאָגן־געשרײען און שטימען, װאָס זענען אין די פּוסטע װײַסקײטן אָפּגעשטאָרבן.

אַ כליפּען און זיי האָבן זיך צו־אַרביק אַ לייג אויס געטון אויף רחמים און הילף!...

ס׳האָט אויפגעקאָכט אין קליי טער: אַן אַלגעמיין געוויין האָט זיך אויפגעהויבן מיט געשרייען, אָבער די אַנדערע האָבן זיך תיכף באַכאַפּט וואָס דאָס איז, און האָבן אָנגעהויבן איינצוהייבן די ליפּ־צער פּויערטעס, אָנידערזעצן זיי אין קרעפּסטיקן מיט אַ גוט וואָרט. און דער ערלעכער דאָבראָוואָלסקי האָט, אָפּווישנדיק די טרערן מיטן אַרבל, אויסגערופן, אַז מאַן יעזוס פּרויזס נאָך אויס דידאָזיקע, וועלכע ער האָט ליב, אַז כאָטש זיי האָבן זיך פאַרזינדיקט, וועט זיך די שטראָף אינגיכן ענדיקן, די וואָלן נאָר האָבן בטחון אין גאָטס דערבאַרעמדיקייט, און אַ לייערע ס״ג וועלן אַלע פּייערן זיך אומקערן אַהיים...

די האָבן זיך באַרויקט נאָך דידאָזיקע ווערטער, ס׳איז זיי שטאַרק גרינגער געוואָרן און אַ בטחון איז אין זייערע הערצער אַריינגעטרעטן.

און ווען דער גלח האָט אין קורצן בײַם אַלטאַר דעם טרויער־סאַן פון דעם תחית המתים־געזאַנג אָנגעהויבן. ווען דער אָרגל האָט אין באַגלייטונג אַ ז.ך אויס געטון מיטן גאַנצן כח, ווען די גלאָקן האָבן זיך איבער דער גאַנצער וועלט צעקלונגען, און דער דאָבראָוואָלסקי האָט מיטן אַלערהייליקסטן ס׳קראַמענט אָנגעהויבן אין דעם בלויען נעפּל פון ווייעריך און אין גלאָק־געקלאַנג צום פאָלק אַראָפּצונידערן, האָט זיך אַ געזאַנג פון אַלע מענטשן העלדישער אַרויס־געריסן; די ענטוזיאַזם האָט זיך אַ האָך געטון, אַ גליענדיקער שטורעם פון באַגייסטערונג האָט די טרערן אויסגעטריקנט און די נשמות מיטגעריסן, אַז פּונקט ווי אַ מענטשן־וואַלד וואָלט זיך מיט־אַמאָל, צוזאַמען, אַ צעוויינטער און אַ צעזונגענער מיט איין אָטעם־הייסער שטימע, אַ ריר געטון מיט דער פּראָצעסיע נאָך גלח, וועלכער האָט דאָס הייליקע בילד אין אָרון געהאַלטן פאַר זיך, אַז עס האָט זיך ווי אַ גאָלדענע זון, ווי אַ שטראַלנדיקע זון איבער אַלעמענס קעפּ צעפלאַקערט, שווימענדיק פּאַמעלעך צווישן דער אײַנ־ציילבאַרער געדיכטעניש, צווישן די העל־פלאַקערנדע ליכט, וועלכע ס׳האָט אין דעם ווייעריך־וואָלקן קיים אַרויסגעזען, אַרויסגעצויגן פון

לעצט האָט ער זיך צום עולם געווענדט, און אויסבייגנדיק זיך פון
דער אמבאָנס אָרעם, האָט ער פּלוצלינג אָנגעהויבן מיט די פֿיסלען
צו טרייסלען און צו שרייען, אַז יעדן טאָג, יעדער שעה, און אויף
יעדן אָרט װערט יעזוס געפּײַניקט דורך אַ גרויסע זינד, װערט
דערהרגעט דורך דעם שלעכטס, נישט־פֿרומקייט און דורכן נישט
פֿאָלגן גאָטס געבאָטן, אַז יעדער מענטש קרייציקט אים און זיך
אַליין, נישט געדענקענדיק אָן זײַנע חובֿות, נישט אָן הײַ־
ליקן בלוט, װאָס איז פֿאַר אונדזער אויסלייזונג פֿאַרגאָסן גע־
װאָרן!

האָט דער דער עולם דערויף אַ ריטש אַרויס געגעבן, און
געוויינט; יללות האָבן זיך װי אַ שטורעמווינט מיט אָן אויפֿהער־
לעכדיקן געקרעכץ איבער דעם קלויסטער צעטראָגן. אַז ר׳ האָט אויס־
אויפֿגעהערט צו רעדן, ערשט דאַמאָלס, װען זיי האָבן זיך אײַנ־
געשטילט, האָט ער װידער אָנגעהויבן, אָבער שוין פֿרײַדיק און
דערקוויקנדיק װעגן גאָטס תחית המתים צו פֿרײַדיקן. װעגן דעם
דאָזיקן פֿרילינג, װאָס גאָט מאַכט צוליב זײַן גוטסקייט דעם זינ־
דיקן מענטש אַלע יאָר און רופֿט: דאָס מאָנט אונדז ביז יענער צײַט,
װען יעזוס װעט זיך צוריק אומקערן אויף דער װעלט, כּדי צו
שטראָפֿן די לעבעדיקע און געשטאָרבענע, כּדי די עוולדיקע צו
דערנידעריקן, די זינדיקע אין גיהנום אויף אייביק אַרײַנצושטופּן,
און די גערעכטיקע בײַ זײַן רעכטע האַנט צו זעצן אויף אייביקער
לויב! און ס׳וועט קומען די צײַט, װאָס יעדער מין אומגערעכטי־
קייט װעט אויפֿהערן, יעדע עוולה װעט גענומען זײַן געצאָלט, און
די געוויינען פֿון די לײַדנדיקע װעלן אויפֿהערן און קיין שלעכטס
װעט מער נישט הערשן...

און ר׳ האָט דאָס אַזוי הייס גערעדט, אַזוי ערלעך, אַז יע־
דעס װאָרט האָט זיך װי אַ זיסקייט אין די הערצער צעגאָסן און װי
אַ זון אין די נשמות זיך צעגליט, אַז אַן אויסטערלישע גליקלעכ־
קייט האָט אַלעמען אַרומגענומען; נאָר די לעצטע מענטשן האָבן
זיך פֿון חשק אויפֿגעטרייסלט און די דער נצרונגען פֿון די נחלות
האָבן אַזוי שטערנלעך בײַם האַרץ צוגעדריקט, אַז זיי האָבן אויס
אַ ריטש אַרויס געגעבן צוזאַמען מיט אַ געוויין, מיט אַ געשריי, און

אין די לײדיקע הײַזער אַרײַן און מיט טרערן חלען די פֿאַר־גײַסן דעם געהײליקטן קהל, און מיט אַ בענקשאַפֿט און מיט בלערלײַ דאגות חלען זיך אַלע לײגן שלאָפֿן...

יעזוס מײַנער, יעזוס! האָבן זיך יעבערלעכט, פֿאַרשטיקטע קװיטשן צװישן האַלקן אַרויסגעריסן, אַז זי האָט זיך אױס אױס־געכאַפּט, דערװעגנדיק מיטאַמאָל באַקאַנטע פּנימער און אױגן מיט טרערן פֿאַרגליװעט... אפֿילו יאָגיס האָט דעם קאָפּ איבערן ביכל אַראָפּגעלאָזט און אויף די װײַסע בלעטלעך מיט טרערן געגאָסן, אַז די כומער האָט זי אױס מיט אַ שװערכע אױפֿגעמינטערט. מדען! איז זי איבשײַאַנד געװען דען זיך צו באַרויקן, אַז אַבגעעק האָט זיך איר גראָד באַזיון און זכרון אַזױ לעבעדיק אַזױ װי דאָ־מאָלס, אין הײנאַכט, װי האָט געהערט זײַן הײכע שטימע, און ס'האָט זיך איר אױסגעװיזן, אַז ער קומט לעבן איר, דריקנדיק זײַן קאָפּ בײַ אירע קני... איז האָט זי אַ װײַניק באַם האַרץ אָנ־געכאַפּט און די טרערן האָבן זיך איר פֿון פּלוצלינגער בענק־שאַפֿט אַלײן געגאָסן...

אַ גליק, װאָס דער דאָבראָװסקי האָט פּונקט אין דער צײַט אָנגעהױבן זײַן דרשה און אַ געיודער האָט זיך געטאַכט איבערן קלױסטער, װאָרן ס'איז אױפֿגעשטאַנען פֿון דעם קיניגן, שטפּנ־דיק זיך נאָך מער צו דער אַמבאָנע און פֿאַרשײַנדיק די קאָפּ אַרויף, צום גלח, װעלכער האָט גערעדט װעגן גאָטס פּײַן און װעגן דעם, װי די פֿאַסקודנע ייִדנשינעס האָבן אים געקרײַציקט, דערפֿאַר װאָס ר'איז געקומען די װעלט אױסלײזן, װײַל ר'האָט געדעכטיקט די באַצאָלונג געזאָלט געבן, װײַל ר'האָט זיך פֿאַר די אָרימע אָנגענומען. ר'האָט אַזױ האַרצרײַסנד דערצײלט גאָטס פּײַן פֿאַר די אױגן אַרויסגעבראַכט, אַז ס'איז אױס הײס געװאָרן, און נישט אײן פֿרומער פּויער האָט זיך צעװײנט אויף נקמה צו נעמען, און דער װײַבערישער עולם האָט אױפֿן קול געכליפּעט, נאָך װײנענדיק זיך אָן די נשמה.

ער האָט לאַנג געדרשנט, דערקלערנדיק אַלץ באַריכות, אַז װי־נישט־װי האָבן זיך אײניקע צום שלאָף אָנגעהױבן קלעפּן, און אין די װינקלען האָט מען שױן געשנאָרכט געדרימלט; אָבער בײַם

ייטש־פֿאַלדאַכין איבערן גלח געטראָגן און איז אונטער די הענט בשעת דער פּראָצעסיע געפֿירט, דאָרט האָבן אַצינד אין אַ געדיכ־טער מאַסע מיטערן פֿון אַנדערע דערפֿער געקניט, אַז ס'האָט קוים צווישן זיי דעם וועג, דעם טאַלעס און דעם קאָהאַלס רויטן קאָפּ אַרויסגעזען.

נישט איין פּויערס אויגן האָבן זיך געטראָגן דאָרט צוהין, מיט בענקשאַפֿט אויסקוקנדיק ווײַטערע מענער... אָבער אומזיסט: דאָרט זענען געזעסן מיטערן פֿון דעמביץ פֿון חאַליע, פֿון זשעפּ־קי, פֿון דער גאַנצער פּאַראַפֿיע. גאָר קיין ליפּצער האָט מען נישט באַמערקט. די דאָזיקע בכבודיקסטע האָבן היינט געפֿעלט. האָבן טאַ־קיש אויפֿגעפֿלאַטערט די חײַבערישע נשמות. פּונקט ווי די צע־שראָקענע פֿייגל, און נישט איין קאָפּ האָט זיך מיט אַ געוויין צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט. נישט איין יעמאָלעכער קרעכץ האָט זיך פֿון דער געדיכטעניש אַרויסגעריסן, און שמערצלעכע דערינערונ־גען פֿון פֿאַריתומטקייט האָבן מיט גליִענדיקן פֿייער געברענט.

װאָס הייסט, דער גרעסטער יום־טוב פֿון אַ גאַנץ יאָר, פּסח. און אַזאַ גרויסער פֿרעמדער עולם האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט, און אויף ווײַטע אַלע פּנימער, כאָטשיק זיי זענען אָביסל אויסגעמאַ־טערט פֿון פֿאַסט, איז אַ פֿרייד אויסגעגאָסן, זיי שטאָלצירן, פּאַ־ראַדירן מיט זייער אויסגעפּליטערטקייט, שטופּן זיך פֿונאַנדער אין קלויסטער, פּונקט ווי די פּריצים, נעמען אַדורך עזותדיק מיט ווײַטע אויגן, פֿאַרנעמען די ערשטע ערטער, און יענע, די ליפּ־צער נעבעך, װאָס זענען זיי אַצינד, װאָס אין די פֿינסטערע קאַ־מערן אויף הונגער און קעלט גריזשען זיי זייער ביטער מזל, און זשיפּען זיך מיט חײַסיק און בענקשאַפֿט...

פֿאַר יעדער באַשעפֿעניש קומט אַ טאָג פֿון פֿרייד אָן, נאָר נישט פֿאַר זיי... פֿאַר די באַעלהוטע אָרימע נעבעך... אַלע װעלן איינציגע אין די כאַליופּעס מיט פֿרייד זיך אויסקערן און פֿון יום־טוב, פֿון אויסרוען זיך, פֿון עסן, פֿון דער פֿריילינגדיקער זון, און פֿון ליבלעכע געשפּרעכן געניסן, ווי גאָט האָט געבאָטן, נאָר נישט די פֿאַרלאָזטע ליפּצער יתומים...

איינע־אַליין, צעווייסיקטע, בגנבה װעלן זיי זיך פֿונאַנדערגיין

בײַ דער ערד, שרעקעדיק געטוליעט אין די שפּאַלטן פֿון די היכל, כּוונהלעך קלויסטער־ווינקלען, פּונקט ווי אין אײַביקער וואַלד, וואָרן כאָטש אויפֿן אַלטאַר האָבן זיך ליכט געבּרענט, האָט פֿונדעסטוועגן אַ געדריקטע פֿינצטערניש דאָס קלויסטער אַרומגע־הילט, ווײַל דורך די פֿענצטער, און איבערהויפּט דורך דער גרוי־סער אויסגעפּראַלטער טיר, איז אַ שוואַרצע נאַכט אַרײַנגעדרונגען און אַ בלאַסער שטראַל פֿון דער לבֿנה האָט פֿון אונטער די וואָלקנס אַרײַנגעקוקט.

נאָר האַנקאַ האָט זיך נישט געקענט אין דער תּפֿילה אַרײַנ־טאָן, זי האָט זיך אײַנגעבויגן געטרײַסלט, זי איז געזעסן אויף דער־שראָקן, גלײַך ווי זי וואָלט נאָך דאַרפֿן, אין פֿאָלטערס קאַמער געזעסן.

אַ פּלאַטערניש האָט זי אַרומגענומען, זי האָט געפֿילט אויף די הענט די שטעכנדיקע קאַלטע תּבֿואה און זי האָט כּסדר אײַן מאָל נאָכן אַנדערן די אָרעמס צוגעדריקט, כּדי דאָס אײַנגע־טוליעטע קניפּל צווישן די ברוסטן צו דערפֿילן.

ס'האָט מיט איר אויפֿגעטרײַסלט אַזאַ פֿרייד און גלײַכצײַ־טיק עפּעס אַ מין שרעק, אַז אָפֿט האָט זיך איר די שוואַרצע בײַטש קרעלן פֿון צווישן די פֿינגער אָפּגעגליטשט, זי האָט פֿאַרגעסן די ווערטער פֿון דער תּפֿילה, געפֿירט מיט די צעגליטע אויגן איבער די פֿענצטער און קיינעם נישט באַמערקט, כאָטשיק דערנעבן זענען יאָזקאַ, יאַנוש מיט דער מוטער און נאָך אַנדערע געזעסן.

אויף די בענק, וואָס זענען געשטאַנען פֿון דער זײַט פֿון אַלטאַר, האָבן מתפּלל געווען אין מיכלעך די פּריצהטע פֿון רודי־קי, פֿון מאַדליצע, און די פּריצישע טעכטער פֿון חולקאַ; די פּריצים זענען געשטאַנען אין דער טיר פֿון קליידער־צימער, אײַנגעטונקענדיק עפּעס. אויף די טרעפּלעך פֿון אַלטאַר איז פֿונדערווײַטנס געשטאַ־נען די מילנערין מיט דער אָרגאַניסטקע, ווײַטער פֿון אויפֿגע־שלײַערט. דאָרטן ווײַטער, פֿאַר די קראַטן, וווּ עס איז געווען דאָס אָרט פֿאַר די בכּבֿודיקע לײַטער בעל־בתּים, וועלכע האָבן סטענ־דיק די וואַך געהאַלטן בשעת דעם אָפּריכטן די תּפֿילה, האָט האָבן

גען אין די בענק געזעסן אײַנגעשטשעמעט, און די בערעזקע־בײַ־
מעלעך, מיט וועלכע מ'האָט דעם אַלטאַר און אַלע ווענט באַ־
גרינט.

זי האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אַדורכגעפּאַקט צו איר
אָרט, ווי דער גלח איז אַרויסגעקומען די גאָטעסדינסט אָפּריכטן,
און גלײַכצײַטיק האָבן זיך פון דער געדיכטעניש אָנגעהויבן
אַרויסצורײַסן הויכע זיפצן, און די הענט האָבן זיך ברייט פֿו־
נאַנדערגעשפּרייט. זיי האָבן הכנעהדיק אַנידערגעקניט, שטופּנדיק
זיך וואָס אַ מאָל מער; אײַנגעבויגן איז דער גאַנצער עולם אויף די
קני געשטאַנען, אָרעם בײַ אָרעם, האַרץ בײַ האַרץ, פּונקט ווי אַ
פעלד מיט קעפּ אָנגעזייעטס, און אין דעם שטייאָס צעוויגטן
מענטשן־פעלד, האָבן נאָר אויגן געשײַמלט, גלאַנציקע ווי די זוי־
טערפײַגעלעך, טראָגנדיק זיך צו דעם גרויסן אַלטאַר, צו דער
בילד פון יעזוסן, וואָס איז תחית־המתים אויפגעשטאַנען, וועלכער
איז געשטאַנען נאַקעט, אַ פאַרבלוטיקטער, באַדעקט מיט ווונדן,
און אין אַ רויט מאַנטל נאָר אָנגעטאָן מיט אַ פענדל אין דער
האַנט.

אַ שטילקייט האָט באַלד דאָס קלויסטער אַרומגענומען,
פּונקט ווי אין אַ פרילינגדיקן מיטאָג־צײַט, ווען די זון ברענט אי־
בער די פעלדער, דער ווינט הערט אויף, אַז די אײַנגעבויגענע
תבואה רודעט זיך מיט די זאַנגען, און נאָר ערגעץ הויך, אונ־
טערן בלויען הימל, באַקלינגען זיך זיס די לערכן־געזאַנ־
גען...

ביסלעכווײַז זענען אַלע אין אַ תפילה פאַרזונקען געוואָרן,
אַז די ליפּן האָבן אומעטום געציטערט און תפילות מיט זיפצן
אַרויסגעבליזן, האָבן שטילעטשקע און געדיכט געפלאַטערט, פּונקט
ווי אַ רעדל, וואָס קלאַפּט איבער די בלעטער; די קעפּ האָבן
זיך וואָס אַ מאָל נידעריקער אַראָפּגעבויגן. טײַלמאָל האָט זיך אַ
קרעכץ פון ערגעץ אַרויסגעריסן, דאָ האָבן זיך עמעצנס צע־
תפילהטע הענט מיט געבעט צום אַלטאַר זיך אַרויסגעצויגן, אָדער
אַ קוויטשענדיק, שמערצלעך געוויין האָט אַרויסגעפּיפּסט פון
דער דראָזיקער ענגשאַפט, וואָס האָט זיך, פּונקט ווי די קישקעס

געבליבן נאָר די הינט. דער אַלטער בײלקאַ און װײַסעק, װעלכער האָט צוזאַמען מיט מאַטשעק קלאָגנדיק פּלײסיק געפּײַנסט־עיפּעט אַ הײַל, װאָס מ׳האָט דערמיט געװאָלט אַרױסגײן אױף „דינוסי".

האַנקאַ האָט צום ערשט אַרױסגעשיקט יוזקען מיט די קינדער און דעם פּאַראָבעק; אַלײן האָט זי געװאָ״ט דערנאָך אײַנזאַמקלען. זי איז שױן געװען אָנגעטאָן, אָבער זי האָט אָפּגעצױגן מיטן אַרױסגײן, װי אַפֿװאַרטנדיק אױף עפּעס, װאָרן זי איז בסדר אױפֿן גאַניק געשטאַנען און אױפֿן װעג געהיכן. ערשט דאַמאָלס װען יאַגנאַ מיט דער קאָװאַלאָװע זײַנען אַװעקגעגאַנגען און זי האָט דערהערט דעם קאָװאַל גײן מיטן װאָגן צום קלױסטער־צױ, האָט זי זיך אומגעקערט אין שטוב אַרײַן, און אָנגעטאָן עפּעס סטילערהײט דעם אַלטן. ער האָט זיך אָנגעשטעלט אױף דער װאַנט פֿאַרן הױז, אַז זי האָט זיך אַרײַנגערוקט אױף די שפּיץ פֿינגער אין פּאָסטערס קאַמער אַרײַן... נאָך אַ גיכער האַלבע שעה איז זי אַרױסגעקומען פֿון דאָרטן. עפּעס געהאַלציק פֿאַרקנעפּלענדיק דעם סטאַניק; די אױגן האָבן איר געגליט און די הענט האָבן זיך געטרײסלט.

די האָט עפּעס אַ רעד געטאָן; װאָס קײנער האָט נישט פֿאַרשטאַנען און איז אַװעקגעגאַנגען אין קלױסטער אַרײַן.

אין ריטעק האָט, חייענדיק יווקען דעם קופּערנעם צענער, מיט כעס אַ מורמל געטאָן:

— נישט לאַנג וועט זײַן באַשטאַן דעם גלחס הינטער שרעקן, נײַן!...

זיי זענען זיך צעלאָפן אין צוויי פאַרשידענע זײַטן, וואָרן די באַלעבאָסטע האָט זיך אומגעקערט.

ס'איז בינלעכוייז פינסטער געוואָרן. דער בין השמשות האָט זיך שטילעטשקע איבער דער ערד פאַרשפּרייט, פאַרכמורענדיק אין זיך די סעדער, די הייזער, און די ארומיקע פעלדער און אַ גלוילעכער, קוים אָנגעבאַרער פאַרנעפּלדיקייט. ווי־נישט־ווי האָבן זיך געווייסט די ווענט פון די כאַ־ופּעס, וואָס זענען ווי ביז צו דער ערד אַראָפּגעוואַקסן, און ס'האָבן געציטערט די אָנגעצינדענע פייערלעך צווישן די סעדער; אינדערהייך ווידער, אויבן קראַן היכל, האָט זיך אַ בלאַסער סערפּ פון דער יינגער לבנה ארויסגעשײַנט.

מיט אַ פייערלעכער שטילקייט און מיט אַ פינסטערניש איז דאָס דאָרף איינגעהילט געוואָרן: אין דעם קלויסטער, וואָס האָט איבער די כאַלופּעס אויפגעשטייגט, האָבן אַלע פענסטער אויפגע־לויכטן און פון די אָפענע גרויסע טירן האָט אַ ברייטער פּאַס ליכ־טיקייט געשלאָגן.

אינגיכן האָבן די ערשטע וועגענער זיך פונאַנדערגערוקט, פאַר־פאָרנדיק פאַר צוועגסמאַרוש, או מענטשן פון די חייטע דערפער האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען מתנותדיין, פון די ליפּצער כאַלופּעס האָט מען אויך שוין פון צייט צו צייט אָנגעהויבן ארויסצוגיין אין קלויסטער אַרײַן, וואָ־ן אָפּט איז פון אַן אויפגעפּראַלטער טיר אַ שטראָם ליכט ארויסגעפאַלן, און אין פינסטערן סטאַח דערטרונ־קען געוואָרן, און אַ געטופּעריי און שטילעטשקע געפּעפּטשען האָבן געפּליסטערט אין דער וואַרעמער און פאַרנעפּלטער לופט. ב'האָט זיך באַגריסט אויף די וועגן, נישט דערווײַנדיק זיך אין דער נאַכט, און פונקט ווי אַ טייך, וואָס נעמט פּאַמעלעך און אומאויפהערלעך צו, אַזוי האָבן זיי זיך אויף דער תחית המתים־צעמאַניע גע־צויגן.

בײַ באַרינגען זענען בײַם באַלעבאָסטעסקיים אָפּצוהיטן איבער־

און מ׳האָט אומגעדולדיק אויסגעקוקט דעם גלח, װעלכער איז ערשט צוריקגעקומען פון די הײף ארום בין השמשות און ער האָט זיך באַלד באַוויזן אין דאָרף, אָנגעטון אין ווײַסן גלחיש־העמדל.

מיכאַל פון אָרגאַניסטער האָט געטראָגן פאַרויס פאַר אים אַ מיידעניצע מיט געהייליקט וואַסער און אַ שפּריצער.

האַנקאַ איז אים אויך אויפן וועג ארויס אײַנגעבויגן אַנט־קעגנגעגאַנגען.

ער האָט זיך געאײַלט, ער איז גיך אַ מאָל אַרײַן געטון אין דער כאַלופּע אַרײַן, צעגעזאָגט אַ תּפילה, אַ שפּריץ געטאָן גאָר און אַ בליק געטון אויף באַריִנעס בלויז באַקאַקטן פּנים.

— אָן שום ענדערונג? האַ?

— יאָ, די וווּנד האָט זיך אים כמעט שוין פאַרהיילט, און די איז גאָרנישט בעסער.

ער האָט געטון אַ שמעק טאַבאַק, אַ פּאָר געטון מיט די אויגן איבער די אַלע, וואָס האָבן זיך אויף דער שוועל און אין פאָדערהויז געפּאַקט.

— ווו איז עס דאָס שגצל, וואָס האָט מיר דעם באַנשאַן פאַרקריפּלט?

יוזקאַ האָט ארויסגעשטופּט פון הינטערן קוימען אויף אינ־דערמיט שטוב ארויס דעם פאַרשעמטן היסעקן.

— נאָדיר אַ צענגערל, ר׳איז דיר געראָטן: ער יאָגט אַזוי די הענער פון גאָרטן ארויס, אַז קיין איינער בלייבט נישט איבער!... און וועלכע גייען דאָס צו די מינער מאָרגן?

כמעט אַ האַלב דאָרף פאַרזאַמלט זיך!

— איז גוט, אַבי ס׳זאָל נאָר פאַרקומען בשלום און שטיל, און איך דער תּחית־המתים־צערעמאָניע וואָלט ער קומען, בין אַ ווינטער הייב איך אָן, איך זאָג: בין אַ ווינטער! נאָר שלאָפט אין קלייטשער. וועל איך יאַמבראָשין הייסן ענק ארויספירן! — האָט ער דראָענדיק צוגעגעבן ארויסגייענדיק לאַנגזאַם.

אַ גאַנצע כּוונה איז אים נאָכגעגאַנגען, באַגלייטנדיק ביזן פּליץ.

זיי זענען זיך אונטערגעגאַנגען אָן לאַנגע תענית, כדי נאָך צו באַוויזן אין קלויסטער אַריין צו גיין אויף דער פייערלעכקייט פון הייליקן דאָס פייער און וואַסער, פאַרגיסנדיק פריער באַ זיך אין די כאַלופּעס די אָנגעצינדענע פייערן, כדי זיי דערנאָך ווידער אויפצופלאַקערן מיט דעם יונגן, געהייליקטן פייער.

יוזקא איז אויך אַרומגעלאָפן אויף דער דאָזיקער פייערלעכקייט, נעמענדיק מיט זיך די קינדער.

אָבער זיי זענען גענוג לאַנג געזעסן, וואָרן ערשט אַרום סאַמע מיטאָג האָבן זיך די פייערטעס איבערגעקערט, פאַרוויכטיק באַרשטעלנדיק און הייליק די אָנגעצינדענע ליכט אין קלויסטער.

יוזקא האָט געבראַכט אַ גאַנצע פלאַש וואַסער און פייער, מיט וועלכן האַנקאַ האָט באַלד איבערגעצונדן דאָס פון פריער צוגעגרייטע האָלץ און די ערשטע האָט זי אויך פון געהייליקטן וואַסער אַ טרונק געגעבן, געבנדיק אַלעמען נאָך דער ריי נאָך צו טרינקען — דאָס האָט אַ נים געזאָלט אָפּהיטן פון האַלדז-קראַנקהייטן — און דערנאָך האָט זי באַשפּריצט דערמיט דעם אינווענטאַר און די פרוכטן-ביימעלעך אין סאַד, ווייל דאָס האָט געזאָלט העלפן, אַז די פרוכטן זאָלן געראָטן און די בהמות זאָלן זיך גרינג אָפּקעלבן.

און שפּעטער, ווענדיק, אַז נישט יאַגנע און נישט די קאָוואַליווע האָבן אַ טראַכט געטון וועגן דעם אַלטן. האָט זי אים אָפּגעוואַשן מיט וואַרעם וואַסער, צעגעקעמט אים די קאָלטענעוואַטע האָר און איבערגעטון אים אין אַ קלאָר העמד, איבערגעצויגן דאָס בעטגעוואַנט; באַרינאַ האָט אַלץ געלאָזט מיט זיך טון, נישט געבנדיק זיך אַפילו קיין איינמאָל קיין ריר; ער איז געלעגן ווי שטענדיק און געקוקט פאַר זיך און טיף ווי שטענדיק...

באַלד פון מיטאָג אָן האָט זיך אין דאָרף געמאַכט ווי יום-טובדיק, מ'האָט זיך נאָך דאָ און דאָרט צעגעטיאַגט מיט די גראָבע אַרבעטן, אָבער צום נייגסטן איז מען שוין געווען פאַרטיק מיטן איבערטון זיך לכבוד יום-טוב, מיטן צוקלײַבן זיך, מיטן צוואָגן און אָפּרייניקן די קינדער, אַז נישט פון איין שטוב האָבן זיך אַרויסגעריסן אַמפּערנדיקע געשרייען.

איז געווען באַדעקט מיט אַ טיניטשקער, ווייסער פּלאַכטע, וואָס די עקן האָט יאַנושיא אַרומגעקלעפּט אין אַ בריטן פּאַס מיט רויטע איינגעשוירענע רייטעלעך. אינדערמיט, אין עק פון פענצטער, האָבן זיי אַנידערגעשטעלט אַ הויך יעזוס-בילד, באַשלייערט מיט פּאַפּי-רענע בלומען, און פאַר דעם בילד, אויף אַן איבערגעקערטער די-ניצע, אַ שטאָפּעליע פון פּוטער, אַזוי קונציק דורך יאַנעצן אויסגע-אַרבעט, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקס; אויגן האָט עס געהאַט פון די קאַרנדלעך פון אַ ראָזנקראַנץ אַריינגעקלעפּט, און אַ וויידל, אויערן, קאָפּיטעלעך און אַ פענדעלע פון רויטער, צע-שניטענער וואָל. ערשט ווידער האָבן זיי אין ערשטן ראַנד אַרום-געלייגט מיט געבייטלטע בריטן און ווייצענע קוילעטשן, מיט פּי-טער געקנעטן און אויף מילך, נאָך זיי זענען געקומען געלינקטע קיכעלעך, מיט ראָזשינקעלעך, ווי מיט טשוועקעלעך געדיכט אָנגע-העפטעט; ס'זענען אויך געווען קלענערע, יוזקעס און די קינדערס, ס'זענען געווען אויכעט ספּעציעלע מיט קעז געמאַכטע, און אַנדע-רע אייער-קיכנס מיט צוקער באַשיט און מיט זיסינקען מאָן. און זיי: צום סוף האָט מען אַנידערגעשטעלט אַ גרויסע שיסל מיט רעדלעך קילבאַסע, וואָס זענען געווען אַרומגעשלייערט מיט אָפּ-געשיילטע אייער, און אויף אַ בראַטפּאַן איז געלעגן אַ גאַנצער חזיר-פיס און אַ היפּש חלק קאָפּ, דאָס אַלץ איז געווען אַרומגע-שלייערט מיט די אָפּגעבאַליעוועטע אייער, מ'האָט נאָך געטאַרט אויך ווינעקן, כדי דאָס אַרומצושטעקן מיט גרינע יאַגאָדע-צווייג-געלעך און פון די האָן-וואַנגלס אַ גאַנצן טיש אָפּצופּלעכטן.

און אַזוי ווי זיי זענען נאָר געהאַט געענדיקט, האָבן די שכנטעס אָנגעהויבן ציבערלעכווייז ווערן צונויפצוטראָגן אין שיס-לען, אויף טעלערלעך און דיניצעס אַן, אַרויפצושטעלן זיי אויף די בענק לעבן טיש, וואָרן דער גלח האָט אָנגעזאָגט, אַז כ'וועל זיך צונויפקלייבן נאָר אין עטלעכע כאַלופּעס פון די אָנגעזעענסטע נאַרעבאַטים צום הייליקן, ווייל ר'האָט קיין צייט נישט געהאַט אי-בער אַלע שטיבן אַרומצוגיין.

ליפּצע האָט ער געהאַט צום נאַכטמאָל, איז פלעגט ער היי-ליקן צום לעצט, פילמאָל שוין אין סאַמע בין-השמשות.

דעם מאָנאָל-יזעג, ווי ס׳האָט געוואָלט פֿאַרקומען דאָס באַגרעבעניש, ווי פֿלוצלינג האָט יאַשעק אַ זעץ געטאָן מיט דער לאָפּעטע אין כאָפּ אַריין, אַז ער איז צעפֿליגן געוואָרן אויף פּיצלעך. און די גריז אין די אַלע פֿאַרשידנקייטן האָבן זיך אויף ווייסטקן איבערגע-נאָסן.

ס׳איז געוואָרן אַ שמחה צווישן זיי, אַז זיי האָבן זיך אָפּ איפֿן וועג אַנידערגעזעצט, נאָר ווייסעק איז אין כעס געוואָרן און זיך גלייך מיט די גאַנצע הענט אַ וואָרף געטאָן אויף יאַשעק, ר׳האָט זיך אויך מיט די איבעריקע צעשלאָגן; ביז ער האָט זיך אַ ריס אויס געטאָן און אַרעקגעלאָפֿן מיט אַ געשריי אין דער כאַלופּע אַריין.

האַנקאַ האָט אים נאָך פֿון זיך צוגעלייגט פֿאַר דעם שפּאַנ-צעראַל, וואָס ר׳האָט איינגעהאַלטן דערפֿון אַ תל געמאַכט, און אים אין וואַלד אַריין אַרויסגעטריבן נאָך יאַגדע-צווייַגלעך און האָן-האָנ-סעס.

פּיעטרעק האָט נאָך פֿון אים אָפּגעלאַכט, און אויך יוז-קאַ האָט אים ניט געזשאַלעוועט, זי האָט פֿלייסיק איינגעשפּיגט דעם ברייטן הויף-אייַנגאַנג אויס ביז אויפֿן וועג אַרויס מיט זאַמד, וואָס מ׳האָט געבראַכט פֿון אונטערן צעמענטאַרויס. וואָרן דאָרט איז ער געווען צום געלסטן; זי האָט אויך איינגעשפּיגט דעם גאַנצן פֿאָר-פֿאַרן גאַניק און די סטעזשקע הינטערן אָקאָפּ, אַז ס׳האָט אויסגע-זען גלייך ווי זי וואָלט די כאַלופּע מיט אַ געלער באַנד אַרומגע-פּאַסעוועט.

און אין באַרינעס שטוב האָט מען זיך שוין גענומען צוצו-גרייטן צום הייליקן.

די שטוב איז געווען אויסגעוואַשן און אויסגעשפּיגט מיט זאַמד, די פֿענצטער ריין און די ווענט מיט די בילדער זענען אָפּגעקערט געווען פֿון שפּינוועבס, יאַגושעס בעט ווידער איז געווען מיט אַ שיין טוך צוגעדעקט.

האַנקאַ מיט יאַגנען און די דאָמיניקאָווע, כאָטש זיי האָבן גענעט ניט גערעדט צווישן זיך, האָבן צוזאַמען באַם וויסיקן פֿענ-סטער, לעבן באָרינעס בעט, אַנידערגעשטעלט אַ גרויסן טיש, וואָס

אפילו אין קלויסטער איז געגאַנגען אַן אַרבעט: דעם ג״ח פאַראַבעטן האָט אָנגעפירט פון האַלד טשחיפרקע-ביימלעך, און דער אָרגאַניסטער צוזאַמען מיט ראָכאַן און מיט יאַכבראָזשין האָבן אָנגעהויבן צוצוגרייטן און אויסצושליפֿערן דאָס קבֿר פון פאַן יצנעס.

און אויף צומאָרגנס, פרייטיק, האָט זיך די אַרבעט נאָך מער געשטאַרקט, אַז חינציק-חער ס׳האָט אפילו באַמערקט יאַשן דעם אָרגאַניסטער, חעלכער איז געקומען צו פאָרן פון די קלאָסן אויף יום-טוב און האָט געשפּאַצירט איבערן דאָרף, אַרײַנקוקנדיק נאָר אין די פענסטער, חאָרן ס׳איז קיין אָפן ניט געחען צו עמען אַרײַנצוקומען, ניט אפילו מיט חעמען קיין וואָרט אויסצורעדן.

חי אַזוי, אַז מען האָט גאָרניט געקענט אַרײַנקריכן אין קיין שום כאַלופע אַרײַן, חאָר, אומעטום זענען די דורכגענג און אפילו די סעדער געחען פאַרלייגט מיט די שטעק, בעטן און פאַר- שידענע זאַכן, חאָרן מ׳האָט היינט בתפֿזונדיק די שטיבן געחייכט, געריבן די פֿאָדלאָגעס און פאַר די הייזער האָט מען די ביידער ביז ריין אָפּגעוואַשן, און אונטער די חענט אַרויסגעשטעלט.

און אומעטום האָט געהערשט אַזאַ טומל און אַ געדריי- ניש, אַז מ׳איז אין איין אָטעם געלאָפן, אונטעריאָגנדיק זיך נאָך, אַז מ׳זאָל זיך צואײַלן און האָט אַמאָל אַ גרעסערן רעש אָנגעמאַכט, מ׳האָט אפילו די קינדער צוגעטריבן, זיי זאָלן צי- זאַמענקראַצן די בלאָטע אין די הייף און מיט געלן זאַמד פאַר די אַרײַנגענג אויסצושיטן.

און חייל לויטן אַלטן מנהג, איז פון פרייטיק אינדערפרי אָן אויף ביז זונטיק ניט געלייך געחען צו עסן קיין געקעכץ, איז האָט מען פאַר גאַסט כבוד חענן אַ ביסעלע צוגעהיגערט, באַגנוגנדיק זיך מיט אַ שטיקל ברויט און מיט געבראָטענע קאַר- טאָפליעס.

פאַרשטייט זיך, אַז אין פאַרלויף פון די וואָכעטעג האָט זיך, פונקט חי ערגעץ אַנדערש, אויך אַזוי אָנגעהויבן באַ די בנ- יינגען, בלויז מיט דעם אונטערשייד, חאָס ס׳איז מער הענט גע

פֿירן כּמעט דעם גאַנצן אָוונט קיין רו נישט געגעבן. יאָרענדיק זי עקשנותדיק, האָט זי זיך אַפֿילו מיט קיין איין וואָרט מער נישט אָפּגערופֿן. ווי רײַצנדיק זי להכעיס, זי איז אַפֿילו געקומען אויף וועטשערע, גלײַך ווי קיינמאָל גאָרנישט, און מיט אַ געלעכטערל איר אין די אויגן אַרײַנגעקוקט.

האַנקע איז שיער נישט משוגע געוואָרן פֿון כּעס, ווײַל זי האָט זי נישט געקענט בײַקומען.

דערבײַ האָט זי שוין דעם גאַנצן אָוונט יעדן אײַנציקן אי־בער אַ ליאַדע וואָס אָנגעטון געטרויענטע לייד, יאָגנדיק פֿרי שלאָפֿן, וואָרן מאָרגן איז דער גרויסער וואַנערשטיק, און מ׳דאַרף זיך גע־מען צום צאַרוימען.

און זי האָט זיך אַליין אויך פֿריִער געלייגט ווי געוויינטלעך, אָבער זי איז אַ שטיק אין דער נאַכט אַרײַן נישט אַנטשלאָפֿן גע־וואָרן און, דערהערנדיק דאָס פֿאַרביסענע געבילעריי פֿון די הינט־לעך, האָט זי אַרויסגעבליקט פֿאַרן הויף.

— באַ יאָגענען האָט זיך נאָך געלויכטן.

— ס׳איז שפּעט, אַ שאָד נאַפֿט, מ׳גיט נישט אַמדיכט! — האָט זי אַ וואָרטשע געטאָן אין פֿענצטערהייז.

זי איז ווידער אַזוי אין כּעס געוואָרן, אַז זי האָט ערשט נאָכן ערשטן הענער־קרייען אײַנגעדרימלט.

און באַלד אינדערפֿרי, ווי ס׳האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, האָט זיך יוזקאַ, כאָטש זי איז געווען אַ גרויסע פּויפֿערין, די ערשטע אויפֿגעכאַפּט אין בעט, דערמאָנענדיק זיך אָן דער רײַזע אײַנצו־קויפֿן און זי איז געלאָפֿן אויפֿוועקן די שקצים, אַז זיי זאָלן צו־גרייטן די פֿערד. און זי האָט זיך נאָך אַפֿילו שאַרף אַנטקעגנגע־שטעלט האַנקען, ווען זי האָט פֿיטערצן געהייסן אײַנשפּאַנען אין וואָגן דעם ברוינעם.

— יעך וועל אין קיין בראָטער און אויך קיין בלינדער קאַ־בילע נישט פֿאָרן! — האָט זי געקוויטשעט מיט געוויין. — וואָס בין איך אַ בעטלערין, אַז מ׳זאָל מיך פֿירן אין אַ מיסטוואָגן? כ׳בײַסט דאָך אין שטאָט וועמעס טאָכטער איך בין! דער טאַטע ר״מ דערוויף קיינמאָל נישט אײַנגעגאַנגען...

נאָכגעלאָפן און זיי זענען געבליבן שטיין דערשראָקענע לעבן צו־
בערל, אַריינגעטראַכטנדיק, ווי ס'האָט געקענט אַהינקומען.

— דאָס איז נישט קיין אַרבעט פון אַ הונט: מ'דערקענט
בפירוש, אַז ס'איז אָפּגעשניטן מיט אַ מעסער... אַ פרעמדער גנב
איז נישט געקומען נאָך עטלעכע פונט... דאָס איז יאַנושעס אַ
שטיקל אַרבעט!... — האָט האַנקאַ אָפּגעפּסקנט, אַ וואָרף געטאָ־
דיק זיך מיט כעס אין שטוב אַריין, אָבער יאַנגאַ איז נישט געווען.
נאָר דער אַלטער איז געלעגן ווי שטענדיק מיט אַרויסגעשטאַרטע
שליפעס.

ערשט יוזקאַ האָט זיך אַצינד דערמאָנט, אַז יאַנוש האָט,
אַרויסגייענדיק אינדערפרי פון שטוב, עפּעס באַהאַלטן אינטער דער
פּאָסטיילע, אָבער זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ מין
שלייערל, וואָס זי האָט זיך אויף יום־טוב צוגעגרייט צוזאַמען מיט
דער באַלצערקאָווען.

— צו דער מוטער האָט זי דאָס אַוועקגעטראָגן... ווײַל
עס פאַרשטעקט, בײַ קיינעם נישט פרעגט...

אָבער אויף יאַנוסטינקעס ראָזיקע רייד, האָט האַנקאַ אויסגעדרייט
זיך פון כעס אַ געשריי געטאָן:

— יוזקאַ! רוף אַהער פּיעטרעקן!... מ'דאַרף דאָס איבער־
ריקן צו מיר אין קאַמער אַריין איבערטראָגן.

מיטן קיך האָבן זיי עס איבערגעטראָגן; זי האָט שוין גע־
וואָלט אויך בײַ דער געלעגנהייט די פענסטער מיט תבואה אויף איר
זייט איבערקאַלערן, כדי פרײַ אין זיי אַ זאַך צו טון, אָבער זי
האָט געמאַכט געלאָזט: ס'איז צופיל מענטשן געווען, און זיי וואָלטן
נאָך געקענט דאָס צום קאַוואַל אָפּטראָגן.

און זי האָט שוין אַ גאַנצן נאָכמיטאָג ווי אַ הונט יאַנגען
אָפּגעוואַרט, און ווען זי איז אַרום בין השמשות אָנגעקומען,
איז זי באַלד פון ערשטן וואָרט אויף איר אויפגעוויינט פ־רן
פלייש.

— כ'האָב עס איבערגעגעבן!... ס'איז אַזוי פײַן, ווי ענקער.
כ'האָב אָפּגעשניטן אַ שטיק און איבערגעגעבן! — האָט זי האַרט אָפּ־
געענטפערט, און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס האַנקאַ האָט איר

— דאָס הייסט מען, אָבער יענער איז דאָך באַ די זעלנער, הײַנט, און מ׳הייסט נישט. צי ער וועט זיך אַמאָל אומקערן, און אַ נקבה אַליין איז אומזיסט. מאַמעשי אָבער איז געווען נ.גנב, און־ מער דער ה.גנב, און אַ פּייער, ווי אַ שד. איז וואָס ווײַט דאַרף זי זיך וואַרפן?!...

ה. נקין איז געקומען אויפן געדאַנק אָנטעק מיט יאַגנען. זי האָט זיך טיף פאַרקלערט.

— אין יענע כ׳האָט מאַמעשן געטעמען, האָט זי זיך צו־ נויפגעקאַמפּ ניעוועט מיט זײַן שוועסטער, מיט גאָסטקען, זי וועט אפילו באַ זיי אין דער כאַליופּע, און זיי לויפן שוין ביידע צוזאַמען אין שטאָט אַרײַן. נאַסטקא כמעט פאַרשט צום ברודער, אָבער דער־ היפּט, כדי שימעק דאָמיניק זאָל זי נישט פאַרגעסן;...

— ווי עך הייסט אַזוי פון אַלדינג! נו, נו!

— פאַר אַלע אין די אייגן טען זיי דאָס, די נאַראָנים, איז גרינג זיך צו דערהיטן. דעם לעצטן וועלניאַק פאַרקויפט זי, אַבי מאַמעשן יום־טוב צו מאַכן! — האָט זי גיפּסיק אָפּגעשפּעט.

— נו, נו, האָט באַ מענטשן סוף זיך אַלץ אָפּ!... איך וואָלט איך געדאַרפן פאָרן צו אַנטעקן.

— אַזאַ מהלך וועגס, אין ענקער באַשטאַנד, צ׳קענט נאָך קראַנק ווערן... יוזקאַ קען דאָס נישט טון, אָדער אַן אַנדע־ רער! — זי האָט זיך קוים אײַנגעהאַלטן מיט יאַגנעס נאָמען זיך נישט אַרויסצוכאַפּן....

— כ׳וועל אַליין גיין, גאָט וועט העלפן, און ס׳וועט מיר גאָר־ נישט געשען. ראָכאַ האָט געזאָגט, אַז יום־טוב וועט מען צולאָזן צו אים, כ׳וועל פאָרן... יאָ, מ׳וואָלט שוין געדאַרפט די ווײַסלעך קלאָנינצע איך דער אַנדערער ווײַט איבערצוטראָגן.

— אין דריטן טאָג ליגן זיי שוין אין וואַלד, אַוודאי, וואָלט שוין נישט געשאַדט, כ׳וועל באַלד דאַרט אַהינגיין.

און זי איז געגאַנגען, אָבער נאָך גיכער איז זי צוריקגעקע־ מען אַ צעמישטע עפּעס, מודיע ווײַנענדיק, אַז עס פעלט אפשר האַלב־ פּלײַס.

זי האָט זיך אַ ריס געטאָן אין קאַמער אַרײַן, יוזקאַ איז איר

בליאַזשנ געטון און אַ בלענד געגעבן, ווי אַ רעגנבויגן און גע-
שפּילט מיט די פֿאַרבן, אַז ס'האָט אויס די אויגן געמוזט צו פֿאַר-
ווישן.

— ס'איז אַ הערלעכקייט, נישט קיין וועלניאַק! ס'איז אַ
גרויסער שאָד, נאָר וואָס?... כ'דאַרף אַליין האָבן געוואָלט אויף יום-
טוב. צ'וואָלט נישט געקענט צוּוואַרטן ביז נאָך פּסח?

— ס'דען, אַז כ'באַדאַרף אַט כאָטשבי שוין צו האָבן!

זי האָט גיך אײַנגעוויקלט דעם וועלניאַק, צעקערנדיק דאָס
פּנים, ווי פֿאַרשעמט.

— אפֿשר וועט די וויטאַמינע קויפֿן... באַ זיי איז גרינער
דער בראָשן.

זי האָט אים געטומען נאָכאַמאָל צו באַקוקן, און צו
דער ווײַס זיך צומעסטן, און מיט אַ שמייכעלכן וויפּן אָפּגע-
געבן.

— ווילסט דײַנעם געלט שיקן צו די זעלנער?

— אוודאי... ר'האָט געשריבן... ר'וועלט, אַז כ'איז אים
שלעכט... ווײַס געזונט!

און כמעט ווי אַ ווינט איז זי פֿון שטוב אַרויסגעלאָפֿן, און
די יאַגוסטינקאַ האָט, צערײַבנדיק אין צעבערל קאַרטאָפֿליעס פֿאַרן
חזיר, אָנגעהויבן הילכיק צו לאַכן.

— צ'האָט זי גוט צו דער וואַנט צוגעדריקט, אַז ס'איז אַ
וווּנדער, זי האָט פֿון אײַלעניש די ספּודניצע נישט פֿאַרלוירן! דאָס
געלט דאַרף זי האָבן פֿאַר מאַטעושן, נישט פֿאַרן מאַן.

— ווי זי ווייסט אַזוי אַלדינג! — האָט זי זיך ווײַטער געוווּנ-
דערט.

— טה! גלײַך צ'וואָלט אין אַ וואַלד געזעסן...

— פֿונוואַנען זאָל איך דאָס וויסן?

— סטייטש סטרעסקאַ לויפֿט דאָך יעדע וואָך צו מאַטעושן
און ווי אַ הונט וואַכט זי אַף גאַנצע טעג אונטערן קרימינאַל, און
טראָגט אים אַרײַן, וואָס זי קען נאָר.

— אים גאָטס ווילן!... זי האָט דען נישט איר אײַגענעם
מאַן?

— האַנטש, קויפסט רויטע מאַשטעס!... און די פאַרב דאַרף מען האָבן צו די אייער צו פאַרבן... פאָרעם האָט אויך פאַר־פאַלט! — האָט זי האַנקען היילנדיק געבעטן.

— מאָרגן וועסטו פאָרן אין שטאָט אַריין, וועסטו דיר אַנ־קויפן וואָס ס'דאַרף.

— און אין שטאָט איז איינגעלעך וועלכעלער און מ'וועט ניט אזוי אָפּשווינדלען! — האָט זי פאַרזיכערט, ווייענדיק מאַקע צופרידן צו פאָרן. אַז זי איז שוין אַליין, מ'האָט זי גאָרניט גע־הייסן. אַרויסגעלאָפן צו די הענדלערס מיט אַ געשריי, אַז די דאַרפן גאָרניט צו האָבן, און זיי וועלן גאָרניט פאַרקויפן.

— טרייב צוריק די הינער, כדי ס'זאָל זיך עפעס איינע צו ייִדישן וואָגן אַמאָל ניט צוקלעבן! — האָט איר האַנקאַ נאָכגע־שריגן, אַרויסקוקנדיק פאַר דער טיר.

טערעסקאַ די וועלנערקע האָט זיך גראָד אַראָפּגעדרייט אין הויף אַריין, ווי אָנגעלויפנדיק פאַר דער ייִדענע, וועלכע האָט איר עפעס נאָכגעשריגן.

זי איז אַרייַנגעפאַלן אין שטוב אַריין, ניט קענענדיק קיין וואָרט איבעררעדן און שטאַמלענדיק נאָר און שרעקלעך רויט ווערנדיק, און עפעס אַזוי באַטריבט, אַז טרערן האָבן זיך איר אין די אויגן געשטעלט.

— וואָס איז דען, טערעסקאַ? — האָט זי ווייטער אַ נייגעריקע זי אַ פרעג געטון.

— וואָרן אָט די שווינדלערס גיבן מיר נאָר פופצן גילדן, און דער וועלניאַק איז איינגעגאַנגען אַ נייער! כ'דאַרף אַזוי נייטיק געלט האָבן, אַז ס'איז אַ וואונדער, כ'האַלט עס אויס...

— וויפל נאָר... ווי טייער? — ס'האָט זי אָנגעשטעקט דאָס מלבוש.

— כאָטשביק אַ דרייסיק גילדן! אַ נייענקער וועלניאַק, ר'האָט געגאַנצע זיבן אײלן מיט אַ אַ האַלבן שפאַן, טאַמע רייַנע וואָל איז אויך אים אָוועקגעגאַנגען העכער פיר פונט... דעם פאַרבער האָב איך אויך באַצאָלט.

ד האָט אים צעוויקלט אויף דער שטוב, אַז ר'האָט איס אַ

פּראַלט זיך אין דורך. אויף די פּליצן האָט זיך געטרונקען די חעס, וואָס מ׳האָט נאָר־וואָס געהאַט איינגעצאַפּן. מ׳האָט איינגע-לופטערט דאָס בעטגעוואַנט אין די סעדער. דאָ און דאָרט האָט מען די וועגט געוויסט, די הינט האָבן מלחמות געפירט מיט די חזירים, וואָס האָבן זיך אַרומגעבאַלעכעט אין די ראַוועס. און חוי-נישט-חוי האָבן די קי ווידער אויפגעהויבן די האָרנדי-קע קעפּ פון די פּאַרצימונגען אַרויס, ריטשענדיק מיט בענק-שאַפט.

ניטש איין וואָגן איז אין אין שטעטל אַריין אַרויסגעפאָרן אויף יום-טוב איינצוקויפן. און באַלד נאָך מיטאָג איז אָנגעפאָרן מיט אַ לאַנגן דראָביניאַסטן וואָגן דער אַלטער הענדלער יודקאַ מיט זיין יידענע און מיטן בחור.

זיי זענען געפאָרן פון כאַלופּע צו כאַלופּע, באַגלייט פון די הינט, וואָס האָבן גרוואַלטיק געבילן אויף זיי, און חייניק איז געווען, פונזאַנגען יודקאַ זאָל אַרויסגיין מיט ליידיקע הענט, ווארן ער איז נישט געווען אזא שווינדלער, ווי דער קרעטשמער, אָדער ווי אַנדערע. ער האָט געצאָלט נישקשהדיק, און אפילו, ווען ווע-מענען ס׳איז נייטיק געווען, האָט ער בין נייעם שנים אויף נישט קיין גרויסן פּראָצענט אַנטליגן. אַ קלוגער ייד געווען, ר׳האָט אַלץ געקענט אין דאָרף אין געוויסט, ווי אַזוי צו ווענדן צו רעדן, איז האָט ער טאַקע פון צייט צו צייט אים וואָגן אַ קעלבל אַרויסגע-צויגן, אָדער אַ פעדעל תבואה דאָרט אַרויסגעטראָגן, און די יידענע האָט באַזונדער אויף אייגענער האַנט געהאַנדלט, צוזאַמענגעטראָגן-דיק אייער, הענער, אָדער אן אָפּגעצויפט קאָקעסקעלע, אָדער נאָר אַ האַלבן שטיקל לייוונט, וואָס זי האָט צום מיינסטן אויסגעבאַרט פאַר די שפּיצן, און בענדער, און טאַשכעס, און שפּילקעס, און דעם גאַנצן קראַם אויף אויסציישלייערן זיך, אויף וועלכן דער חייבע-רישער עולם איז שטענדיק אַזוי גייציק, און דאָס נאָך, וואָס די האָט אין דער גרויסער פּודלע געטראָגן מיט זיך, רייצנדיק דער-מיט די, וואָס זענען צום מיינסטנס נאָשעריינס דערויף...

זיי זענען גראָד פאָרפאָרן פאַר באָרינעס הויז, ווי יודקאַ איז אַ מאָל צו גיטון מיט אַ געקוויטש:

געשטערבטע וואָלקנס; אונטן ווידער האָבן זיך די אַקער־פעל־
דער צעגאָסן אין אַ נישט אַרומצוזעבאַרער רחבות, און ס'האָט די
אַרויסגעזען ווי אויף דער פלאַך פון דער האַנט, אויף טייל ער־
טער גרין, און אויף טייל געל פון די קאָרן־פעלדער און פון די
ליידיקע נישט פאַרזייטע, און די האָבן געגלאַנצט מיט שטראָמען
וואַסער, פונקט ווי מיט שויבן.

די ייִערכעס האָבן הילכיק געזונגען, און פון די וועלדער,
פון די בלויליכע ווייטקייטן, ביז דער גאַנצער וועלט, איז גע־
פלאָסן אַ פרישע, פרילינגדיקע לופט, וואָס איז געווען אַדורכגענו־
מען מיט אַ וואַרעמער פייכטקייט און מיט האָניק־ריחות פון דעם
טאָפּאָלן־בליִען.

און אויף די וועגן פון דאָרף האָט געווימלט מיט מענטשן:
מ'האָט אַרײַנגעצויגן אין די הייף אַרײַן צייגן און בהמות, וואָס
זענען פון ווינטער אָפּגעבראָכן געוואָרן.

אין דער לופט ווידער איז געווען אַזוי שטיל, אַז די
ביימלעך, וואָס זענען געווען אײַנגעהילט אין דעם פוך פון בליִען,
וואָס האָט קוים ערשט אָנגעהויבן גרינען, האָבן זיך קוים, קוים
באַוועגט.

און אומגעהײַערע כמאַרעס פון שפּאַצן האָט געפּלאַטערט אַרום
קלויסטער, אַז ס'איז אויס שוואַרץ געווען, ווי פון סאַדזע אויף די
קלאָנעס און אויף די צעצווייגטע ליפּעס און אַ געשריי און אַ
האַרטנעקיק געשוויטשער האָט זיך איבערן גאַנצן דאָרף צע־
טראָגן.

איבערן אויסגעגליטן, גלאַנציקן סטאַוו האָבן געשריגן די
גענדז, וואָס האָבן די גענדזלעך אָפּגעהיטן, און עס האָבן שאַרף
געקלאַפּט די קלאַנקעס, וואָרן מ'האָט מיטאַמאָל אויף עטלעכע ער־
טער וועש געוואַשן.

און אומעטום איז געשטאַנען אַ געהודער, אַ צוגעצאַפּלטע
אַרבעט. און איבערשרײַען זיך פון איין כאַלופּע צו דער אַנדע־
רער. כמאַרעס קינדער און רויטקלײַדערדיקע פּיעסטעס אין
די סעדער

די פעדערהײַזער אין די שטובן זענען געווען פאַנאַנדערגע־

— כ׳װעל נישט זײַן, האַניע... אַװדאי... כ׳װעל בלײַבן...
כ׳בין דאָ געבױרן געװאָרן, איז װיל איך דאָ שטאַרבן.

װיפֿיל זי האָט זיך באַ אים נישט אָנגעבעטן, װאָס זי האָט אין אים אַלץ נישט אַרײַנגערעדט, און ער האָט נישט געװאָלט, נישט און נישט.

— אין פֿעדערהױז װעל איך מיר צופֿאַרבעטן אַ געלעגער... אַװדאי... און אױב װעסט הײסן... איז װעל איך צו דיר קומען זען... װעל איך דיר דערפֿאַר די קינדער אָפּהיטן... ס׳רעדן... דאָס הינטל נעם נאָר מיט, די װײַז האָט עס אים צוקאַליטשעט... ס׳רעדן... ער װעט דיר היטן... ער דערשמעקט װײַטער שטאַרק.

— די װעגס װעלן זיך אײַנגלײַכן און ס׳װעט װעק נאָך צו-דריקן! — האָט זי אים. אײַנרעדנדיק געבעטן.

— אַי... זײ װעלן נאָך מער איבערהאַלטן, װי װעלכער מענטש דאָרט... דאָס הינטל נעם..

זי איז שױן מער נישט צוגעשטאַנען צו אים אַז ער װיל נישט. אײַנגעטראַכט, איז באַ איר אײַך עפּעס געװען, און מיטן אַלטן װאָלט געװען אַ פֿרישע דאגה.

זי האָט פֿיטערקע געהײסן נעמען קרושקע אױף אַ שטריקל און אין כאַלופּע אַרײַן אַװעקפֿירן.

— ער װעט זײַן אױף בורעקס אָרט, װעלכער איז ערגעץ אַנטלאָפֿן געװאָרן. אַ פֿליסטול דאָס! — האָט זי אומגעדולדיק אַ געשרײַ געטאָן אױף פֿיטערקע, װײַל ער האָט זיך נישט געקענט מיטן הינטל אַן עצה געבן.

— אַ נאַר... בײַסן װעט ער נאָר... דאָרט װעסטו אַלע טאָג קריגן צו פֿרעסן... ס׳רעדן, און װעסט זיך אױסלײגן אין דער װאַרעם... קרושקע! — האָט אים דער אַלטער באַגײַזן, העלפֿנ-דיק אים נעמען אױפֿן שטריקל.

— זי איז אַװעקגעלאָפֿן, פֿאַרױס, כּדי זי זאָל נאָך פֿאַרן אײַנקױפֿן אַרײַנכאַפּן, אַ בליק צו דער שװעסטער.

זי האָט זיך פֿאַרהױנערט, טראַנספּאָרטיק אין שטוב אַװעק פֿײַערטעס און װעראָניקאַ האָט װײַטער געזײנט.

— לאָז אים גאָט געבן געזונט! — האָט האַנקע אויסגעשריגן, קושנדיק דאָס פּאַפּירל.

— אזא אָרנטלעכער, אַז דו וועסט קיין צווייטן אויפן נישט געפינען! — האָט האַנקע צוגעגעבן.

— דער ק׳ וועט אין גלות שטאַל איך זיין נישקשה! אוודאי... — האָט דער עלטער אַ זאָג געטאָן.

און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דאָס איבערציען.

שיקאַרעס שטוב איז געשטאַנען באַלד בײַם הוגל, וווּ מען דרייט זיך אַראָפּ אין דאָרף אַרײַן, אָפּשר אַ פּאָר טריט פֿון די סטאַכעס. זיי האָבן טאַקע באַלד אָנגעהויבן איבערצוטראָגן אַהין דאָס איבעריקע ביסל האָב און גוטס און וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט אויף אײַנדערגיך אַרויסכאַפּן פֿון דער חורבה פֿון כּלים און בעטגעוואַנט. האַנקע האָט אונדז איר פּאָ־אָבעק גערופֿן צו הילף, און צום סוף איז אויך ראָכע אָנגעקומען, געטענהדיק זיך מוזטער צוצוהעלפֿן, אַזוי, אַז איידער מ׳האָט נאָך אויף מיטאָג געקלונגען, איז האַנקע שוין געזעסן אין דער נײַער דירה.

— אַ קאָמאַנדיצע בין איך אַצינד, אַ באַלעבאָסטע כּמעט: פֿיר ווינקלען און דער אויוון דער פֿענצטער, נישט קיין ביסל אַפֿילו, נישט קיין איין גאַנצע שויבל! — האָט זי אויפֿקוקנדיק זיך ביטער אויסגערופֿן.

— אַ ביסל וואָל איך דאַרף ברענגען, און כּלים אויך, וואָס כ׳וועל נאָך געפֿינען די נייטיקסטע. סטאַכע וועט זיך אָפּקערן און מיט מענטשנס הילף וועט ער די כאַלופּע גיך צוריק אויסשטעלן, וועסט אַזוי לאַנג נישט בלײַבן... — האָט זי האַנקע טשמוטיק בגרויקס. — און ווו איז דאָס דער טאַטע?

זי האָט אים געחאָלעם צו זיך צונעמען.

דער עלטער איז איבערגעבליבן בײַ דער חורבה. אויף דער שוועל איז ער געזעסן, באַטראַכטנדיק דעם הינטלס ווײַס.

— קומסט מיט מיר, בײַ האַנקען אין דער נײַער דירה איז ענג, און בײַ אונדז וועט זיך דאָך מוזן געפֿינען עפּעס אַ ווינקל פֿאַר ענקערטוועגן.

— ס׳שײַנט דאָס איז דאָך קרומשטיק, אינדזערער .. אַזוי, ס׳איז אים באַנג דער שאָדן... אַ פֿײַנטשיק הינטל... — האָט בײַלצאַ געשמאַכטס, גײענדיק אים אײַנשטילן.

און דער גלח האָט נאָך געלויבט דאָס געזעגענען זיך, ר׳האָט אַ ווינק געגעבן צו דער שיקאַרעכע, אַז זי זאָל אים נאָכגיין, און אויסציִענדיק בײדע הענט צו די הײמער, וואָס האָבן זיך געמאַכט זיי אַ קוש צו טון, איז ער געלאָזן אַוועקגעגאַנגען.

מ׳האָט געזען, אַז ער האָט לאַנג מיט איר אַרײַן וועג וועגן עפּעס אײַנגעטענהט.

דער הײַבעריסטער עולם ווידער, אָפּטענהנדיק אַ ביסל און באַדויערנדיק די אומגליקלעכע, האָט זיך אָנגעהויבן ווײַטער גיך פֿונאַנדערצוגיין, דערמאָנענדיק זיך פּלוצלינג וועגן די אָנבײַסנס און נײטיקע אַרבעטן.

בײַ דער חורבה איז נאָר איבערגעבליבן בלויז די משפּחה, און זיי האָבן גראָד טאַקע פֿאַרטראַכט זיך, ווי אַזוי מען נעמט עפּעס אַרויס פֿון דער אײַנגעפֿאַלענער שטוב, ווי די שיקאַרעכע איז אָן אײן אָטעם געקומען צו לויפֿן.

— טראָגנס ענק איבער צו מיר, אויף דער אַנדערער זײַט, ווו ראָכאַ האָט די קינדער געלערנט... יאָ, קיין קומען איז נישטאָ, נאָר צ׳וועט אַ אײַנשטעלן אַן אײַזערן אײַוועלע, וועט ענק האָבן גענוג.. — האָט זי גיך אויסגערופֿן.

— מײַן טײַערע, און מיט וואָס וועל איך ענק פֿאַר די קאָמאָרנע באַצאָלן!

— לאָז זײַן דערפֿון דער קאָפּ נישט ווײ טון. צ׳וועט אַמאָל האָבן געלט, וועט ענק באַצאָלן און אויב נישט, וועט ענק מיר צוהעלפֿן אין עפּעס אָן אַרבעט, אָדער גאָר פּשוט, ווינטשט פֿאַר אַ שײנעם דאַנק. די שטוב שטייט דאָך סײַ ווי סײַ ליידיק! מיטן גאַנצן האַרץ בעט איך ענק, און דער גלח שיקט ענק אָט דאָס פּאַפּירל אויף די ערשטע הילף!

זי האָט פֿאַר איר אין די אויגן אויפֿגעוויקלט אַ דרײַ־רובל.

אַנדערמאָלט װערן. ביז װי עס גיט דיר ניט מיט אײנמאָל קײן צן, װי דאָס הײַל גיט זיך דיר דאָס ניט קײן טרײסל, װי ס'װאָלט עמעצן אַ לײג געטאָן אין דער װאַנט אַרײַן: יעװוס!... האָב איך געטראַכט, אַז די גאַנצע װעלט לײגט זיך אײַן. כ'בין אַרײַנגעשפּרונגען פֿון בעט און קױם כ'האָב די קינדער אױף די אָרעמס גענומען, און דאָ קנאַקט שױן אַלץ, ס'ברעכט זיך, פֿאַלט אױפֿן קאָפּ... קױם כ'האָב אין פֿעדערהױז אַרײַן געדראָנגעט, און די כאַלופּע איז הינטער מיר אײַנגעפֿאַלן... כ'בין נאָך ניט געהאַט צו מיר געקומען, װי אױך דער קימען האָט זיך מיט אַ קנאַל אַ לײג אײַן געטאָן... אינדרױסן װידער האָט אַזױ געבלאָזן, אַז ס'איז שיטער געװען אױף די פֿיס אײַנצושטײן, און דער װינט האָט דעם שטרױדאַך צעראַגן..., און דאָ איז נאַכט, און דאָרף אַרײַן איז אַ פּסיק װעגס, אַלע שלאָפֿן, און ס'איז ניטאָ קײן איבן גאָר, אַז די װאָלן די געשרײען דערהערן... בין איך אַרײַנגעקראָכן מיט די קינדער אין קאַרטאָפֿל-גרוב אַרײַן, און מיר זענען אַזױ ביז פֿאַרטאָג איבערגעזעסן.

— גאָטס השגחה האָט אױף ענק גערוט. װעמענס קו איז דאָס באָס קערשן-בײמל?

— מאַמעש דאָס אי דאָך מײַן קו, מײַן אײנציקע שפּײַזערין!

— זי װעט זײַן אַ מיל־קו, דער רוקן איז װי אַ בעליק, גרױסע װאָרצלען... זי איז קעלביק?

— אַ ליאַדע טאָג דאַרף זי זיך אָפּצוקעלבן.

— ברענגט זי צו פֿירן אין מײַן שטאַל אַרײַן. זי װעט האָבן אַן אָרט, ביזן גראָז קען זי דאָרט דערהײל בײַשטײן... אָבער װי װעט עך ענק אַהינטון?.. איך זאָג: װו?...

פֿלוצלינג האָט עפּעס אַ הינט אָנגעהױבן צו בילן און פֿאַרביסן זיך אױף די מענטשן געװאָרפֿן, און װען ס'האָט אים אָנגעיאָגט, האָט ער זיך אױף דער שװעל אַנידערגעזעצט און מוראדיק זיך צעװאָיעט.

— ר'איז משוגע געװאָרן. צי װאָס? װעמעס איז ער? — האָט דער גלח אַ פֿרעג געטאָן, באַהאַלטנדיק זיך פֿון װאָס הינטער די באַבעס.

איבערגעבליבן, וואָרן דער דאַך האָט זיך ביזן גרונט איינגעלייגט. און איז צוזאַמען מיטן סופיט אין דער מיט אַריין אַראָפּגעפאַלן, אַזוי, אַז דורך די אויסגעשטויסענע שויבן, האָט מען גאָר גוטן קי-פּעס מיט צעבראָכן האָלץ און דורכגעפּיילטע שטרוי פון דאַך.

— צ׳האָט אַ גליק, וואָרן ס׳האָט אַלע געקענט דער-קוועטשן... נאַ, נאַ!

— הלוואי וואָלט עס געווען דערקוועטשט, הלוואי וואָלט עס אונדז אַלע געווען דערהרגעט, איז וואָלט איך שוין אויך דעם חורבן נישט געקוקט, איז וואָלט איך שוין נישט צו אונדז גיין אַן צו אונדז תּל דערלעבט... אַ, יעזוס מײַנער, יעזוס! כ׳בין געבליבן נאַקעט און בלויז מיט דידאָזיקע יתומים געבליבן... און וווּ וועל איך מיך דאָס אַצינד אַהינטאָן? וואָס הייבט מען אָן? — האָט זי ווידער זיך צעריטשעט, רײַסנדיק זיך פאַרצווייפלט בײַ די האָר.

דער גלח האָט ראַטלאָז די הענט צעשפּרייט, איבערטרעטנ-דיק פון איין פוס אויפן צווייטן.

— ס׳וועט זיין כרוקענער אַזוי! — האָט איינע נישט דרייסט אַרויסגעמורמלט, אונטערדרוקנדיק אים אַ שטיקל ברויט, וואָרן ער איז אין אַ בלאָטע ביז איבער די קני געשטאַנען, ער איז אַרויס-געטרעטן דערויף, און כוונדיק אַ שמעק טאַבאַק, האָט ער זיך פאַר-טראַכט, וואָס זאָגט מען דאָ, כּדי זי צו טרייסטן.

האַנקאַ האָט זיך וואָרגזאַם פאַרטומלט מיט דער שוועסטער און מיטן טאַטן, און די איבעריקע האָבן זיך געטומלט אַרום דאָבראַ-דושעי, אײַנגעסנדיק זיך אין אים מיט די אויגן

פון דאָרף זענען אָנגעקומען וואָס אַמאָל מער ווײַבער מיט קינדער, אַזוי, אַז אַ בלאָטע האָט נאָך געשפּריצט פון אונטער די רייעטס, און שטילע, שרעקעוודיקע שטימען האָבן געפּליסטערט אין דער קופּע, וואָס איז אַלע מאָל גרעסער געוואָרן, דאָ האָט מען אַ קינדיש געוויין געהערט אָדער וואָרקעס כליפּען, וואָס איז שוין שוואַכער געוואָרן; אָבער אויף די פּנימער, וואָס מ׳האָט זיי צוליב די אַראָפּגערוקטע טיכלעך אויפן שטערן, קוים אַרויסגעזען, איז געלעגן פאַרבאָרגן אַ ווייטיק און אַ וואָלקנדיקער אומעט.

אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט פֿון אַ זײַט, כּדי ס׳זאָל זי אַרויס־גײן. אָבער זי האָט גאָרנישט באַמערקט איבער דעם ווײ־נען.

— חנהקאַ, סאָמע דער דאָב־אָרושעי אַלײן וויינען דאָך געקומען! — האָט איר האַנקאַ אײַנגערוימט.

האָט זי זיך גרעט דאָכאָלט איפּגעכאַפּט, און דערוויסנדיק פֿאַר זיך דעם גלח, איז זי אים אַ פֿאַל געטון צו די פֿיס, אַרויס־וואַנדיק מיט נאָך אַ מער שמערצ׳לעך און יאָמערדיק געוויין.

— באַרויקט ענק, ווײַנט ניש!. . וואָס קען מען זיך העלפֿן?... ס׳איז גאָטס ווילן... נו, זאָג איך: גאָטס ווילן! — האָט ער איבערגעחזרט, אָבער ער איז אַזוי גערירט געוואָרן, אַז ער האָט זיך אַלײן בגנבה אַ טרער אויסגעווישט.

— איבער די ווײַזער וועט אונדז אויסקומען צו גײן, איבער די הײַזער, און דער וועלט אַרײַן!

— נו, שרײַט נישט, גוטע מענטשן וועלן ענק נישט לאָזן פֿאַרפֿאַלן ווערן, און גאָט וועט ענק מיט עפּעס אַנדערש באַ־גליקן. ס׳האָט ענק נישט צעקלאַפּט? האַ?

— גאָט האָט אַזוי איך נאָך געטון אַ חסד!

— פֿון אַמתער נס איז געשען.

— ס׳האָט געקענט אַזוי ביז אײנעם אויסדריפּן, אַזוי ווי די פֿלאָסקאָוועס געגרוילעך.

— קײן אײן נפֿש האָט אַמאָל געקענט נישט אַרויס לע־בעדיק! — האָט אײנע איבער דער אַנדערער אירס גע־זאָגט.

— און אינטערגעטאַר האָט ער עפּעס אַ שאָדן? האַ? און אינ־וועניטאַר, זאָג איך!

— גאָט האָט עפּעס אָפּגעהיטן, און פֿעדערהוי איז אַלין געוואָרן, און דאָס איז איבערגעבליבן גאַנץ.

דער גלח האָט אַ שמעק טאַבאַק געטון, באַטראַכט־דיק מיט די פֿאַרשרײַטע אויגן די חורבה, וואָס איז נאָר פֿון דער כאַלופּע

בענק, באַלקנס האָבן זיך אויפן שפּיץ געזאָקלט; דער קוימען האָט זיך אויך איינגעלייגט, אַז ס'איז נאָר איבערגעבליבן פֿון אים עפּעס אַ קליין שטיקל, פּונקט ווי פֿון אַ צעקרישלטער צאָן. וואָס שטאַרט אַרויס; די ערד אַרום איז געווען איבערגעשפּרייט מיט ביגעלעך שטרוי און מיט צעבראָכענע כלים.

װעראָנקאַ װידער איז געזעסן הינטער דער װאַנט אויף אַ קופּע אָנגעלייגטע װאַכן און, אַרומגעכאַפּט מיט די הענט די װיינענדיקע קינדער, האָט זי געריסן אויפן קול.

האַנקאַ איז צו איר צוגעפֿאַלן, די מענטשן האָבן זי אויך אַרומגערינגלט, טרייסטנדיק זי, אָבער זי האָט גאַרנישט געהערט און גאַרנישט געזען, פֿאַרגייענדיק װאָס אַמאָל אין אַ שטאַרקער כליפּען.

— אָ, מיר אָרימע יתומים, אומגליקלעכע יתומים!... — האָט זי שמערצלעך געיאָמערט, אַז נישט איינע האָט פֿון מיטיק אַ טרער געלאָזט.

— און װוּ װעלן מיר זיך, אומגליקלעכע, דאָס אַהינטאָן? װוּ װעלן מיר די קעפּ אַנידערלייגן? װוּ װעלן מיר גיין?!... — האָט זי אָן באַווייטן זיך געשריגן, צוטוליענדיק די קינדער.

און דער אַלטער בילצאַ איז אָן איינגעקאָרטשעטער און בלוי, ווי אַ מת, כסדר אַרומגעקראָכן אַרום דער חורבה און די הינטער אויף אַ קופּע צוזאַמענגעטריבן. דאָ האָט ער דער קו, וואָס איז צו אַ קאַרשנבוים געווען צוגעבונדן, אַ ווישטשעט הײַ אונטער־געוואָרפן, אָדער אַנידערגעקניט אונטער דער וואַנט, געפּאַטשט אויפן הענט און געקוקט אויף די מענטשן, ווי אַ משוגענער...

מ'האָט געמיינט, אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען פֿון זינען אַראָפּ.

מיטאָמאָל האָבן זיך אַלע אַ הייב געטאָן, פֿאַרוואונדערטער־דיק זיך און בייגנדיק מיט הכנעה די קעפּ. װאָר, דער גלח איז אומגעריכט אָנגעקומען.

— יאַמבראָזשי האָט מיר נאָר װאָס װעגן דעם אומגליק דערציילט. װוּ איז די סטאַכאָווע!

פאַר איר אַ גוט װאָרט געזאָגט, איז זי געשװינד אַװעקגעגאַ-
גען.

און ער האָט אױך דעם װאָס אין דער מיל ניט געטױ-
גט; ער איז אַװעק מיט די סטראָזשניקעס און שטאַרק אַרײַנ-
אַװעקגעפאָרן — האָט אים דער מילנער-טעך געזאָגט, פאַרבײַסנ-
דיק אים אױף אָפּצירופן זיך אין זײַן שטיבל אַרײַן, װי עס זע-
גען שױן געװען ליפּצער באַבעס און פּױערן פון אַנדערע דער-
פער געזעסן, האָט האָבן געהאַט אױף זײַער רײ אָפּצומאָלן.
ראָכאָ װאָלט געװען דאָרט לאַנג נאָך געזעסן, אָבער טערעסקאָ די
װילנערקע, װעלכע איז מיט אַנדערע געזעסן, האָט זיך גיך אַ
װענד-גע געטאָן צו אים און ניט דרײסט און שטילעשקע אים
אָנגעהױבן אױסצופרעגן װעגן מאַטוש גאַלאַנבן.

— צ'זענט געװען בײַ די פּױערן, איז האָט ער געװיס
אױך אים געטראָפן זען... ר'איז כאָטש געזונט? און מונטער? און
װען װעט מען אים אַרױסלאָזן? .. — איז זי צו אים צוגעשטאַ-
נען, ניט קוקנדיק אים אין די אױגן אַרײַן.

— און װאָס מאַכט ענקער בײַ די װילנער? ר'איז גע-
זונט? ער קומט אינגיכן אַהײם?... — האָט ער זי צום סוף
אױך שטיל אַ פרעג געטאָן, און אָפּגעמאָסטן זי מיט אַ שטרענגן
בליק.

זי איז רױט געװאָרן און אַנטלאָפן אין מיל אַרײַן.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אױף איר פאַרבלענדע-
קײט און אי אַװעקגעגאַנגען, װילנדיק איר עפּעס דערקלערן און
װאָרענען זי פון אַן עבירה, אָבער אין דער מיל, כאָטש די לײַט-
ליך האָבן זי געבעטן, האָט ער זי, אין דעם צעטרײסלטן מי-
ליקן שטױב און טונקלקײט, ניט געקענט אָפּזוכן: זי האָט זיך
באַהאַלטן פאַר אים. די מיל װידער האָט אַזױ געטריסקעט, דאָס
װאַסער האָט זיך מיט אַזאַ אומאױפהערלעך געשרײ אױף די רע-
דער געװאָרפן, און דער װינט האָט, װי מיט די גרעסטע װעק,
אײנמאָל נאָכן אַנדערן אין די װענט און אין דאַך געקלאַפּט. אַז
אַלץ האָט זיך אַזױ געװאָרפן און געטרײסלט, גלײַך װי ס'װאָלט
אַ ליאַרעמע אַלץ אױף פיצלעך צעשלײַדערן; ראָכאָ האָט געטאָ-

געווען צו גיין, וואָרן וואָס אַמאָל איז אים וועג און אָפּגעבראָכע-
נע בהייג אַראָפּגעפאַלן.

האָט טאַקע דער אַלטער, און איינגעהויקערטער, זיך אַרויס-
געכאַפּט בײַ די סאַמע פּלויטן, קוים וואָס כ׳האָט אים דערזען אין
דערדאָזיקער אויסטערלישער גרויקייט פון בין-השמשות. וואָס האָט
ווי צעמאָלן גלאָז-שטויב אויסגעזען.

— אויב ער גייט צום וואַלד, איז ער, דאַכט זיך מיר, אין
מיל; אין דער כאַלופּע איז ער ניטאָ! — יאַנושטשינקאַ האָט
זיך אים אומגעריכט פאַר די אויגן באַוויזן.

ער האָט זיך אָפּגעדרייט, און אַ וואָרט אויסצורעדן, צו דער
מיל, וואָרן ר׳האָט ניט געליטן די דאָזיקע רכילותניצע.

זי האָט אים פלינק צוגעיאָגט און כאַפּטשענדיק דערלעבן,
האָט זי אים כמעט אין די אויערן אַריין איינגערוימט:

— כאַפּט אַריין אַ בליק צו מיינע פּריטשעפּקע, אָדער אויך
צו דער פּליפּקען... גיסט אַ בליק אַריין!...

— כ׳זאָל נאָר מיט עפּעס קענען העלפן, וואָלט איך איינ-
ב׳יקן...

— זיי האָבן אַזוי געחלשט, אַז צ׳וואָלט צו די אָפּ-
טרעטן... קומט!... — האָט זי הייס געבעטן.

— גוט, נאָר פּריִער מוז איך מיטן וואָיט דורכ-
רעדן.

— זאָל ענק גאָט באַצאָלן!

זי האָט אים מיט ציטערדיקע ליפּן אַ קוש געטאָן אין דער
האַנט אַריין.

— וואָס איז ענק?

ער האָט זיך פאַרוואונדערט, וואָרן זיי זענען שטענדיק
געווען צווישן זיך ווי אין קריג.

— וואָס זאָל מיר זיין, נאָר אויף יעדערן קומט אויס צייט,
אַז ווונקט ווי אַן אויסגעטריבענער הונט אָן אַ באַלעבאָס,
איז ער צופרידן, אַז אַ ערלעכע האַנט גיט אים אַ גלעט... —
האָט זי מיט כרעכן אַ שמייכל געטאָן, אָבער איידער ער האָט

װעגען פּטים מיט מיסט באַװאָקסן געװאָרן, װאָרן ס'איז נישט גע-װען, װער ס'זאָל אָפּרײניקן.

און אַזױ איז מיט אַלץ געװען, אַז אַפילו די קע"בלעך זע-נען װי די חזירים אין בלאָטע אײַנגעשמירט, אַלײן איבער די װעגן אַרומגעקראָכן, דאָס באַלעבאַטישע אַרבעט-געצײַג איז אַ תּל געװאָרן אױפֿן רעגן. די אָקראַײזנס האָט דער װעטער אײַנגע-געסן, אין די קױשן האָבן די כאַפּשאַרעס די חזירימלעך געהאַט; און װאָס עס האָט זיך נאָר אײַנגעבױגן, אָפּגעריסן, אָדער אָפּגע-בראָכן־געהײס אַראָפּגעפֿאַלן איז — שױן אַזױ געבליבן, װאָרן װער האָט דאָס געזאָלט אױפֿהײבן? װער האָט געזאָלט פֿאַריכטן? װער האָט זיך געזאָלט דעם שלעכטס אַקעגנשטעלן און דאָס נאָך ער-גערע פֿאַרהיטן?... די הײבערן? אָבער די אָרימע נעבעך האָבן קױם געהאַט כּוח און צײַט געהאַט אױף נאָך גײַסטיקערע זאַכן! אַחדאי, האַלטן נאָר די מענער צוריקגעקומען, װאָלט מען טאַקע גענומען אַנדערש...

און זײ האָבן טאַקע געװאַרט אױף זײער צוריקקומען, װי אױף אַ ישועה פֿון גאָט, פֿון טאָג אױף טאָג האָבן זײ געװאַרט, שמאַרקענדיק זיך מיט דערדאָזיקער האָפֿענונג...

אָבער די פֿױערן האָבן זיך נישט אומגעקערט און ס'איז קײן אופֿן נישט געװען זיך צו דערװיסן, װען קומען װעט זײ אָפּ-לאָזן. איז דערװײַל־ האָט נאָר דער טײַכל דערװײַל געהאַט נחת און ריװח פֿון דערדאָזיקער רוינאַציע פֿון פֿאָלק, פֿון דעם אַרום-רײַסן זיך, פֿון די קריגערײַען און געשלעגן, פֿון דער אָפּגעמאָ-טערטקײט פֿון די הצ־צער, װאָס האָבן געליטן נױט און חי-סיק...

אַ גרױסער בין־השמשות האָט זיך שױן איבער דער װעלט אַרױפֿגעלאָזט, װען ראַכאַ איז אַרױסגעגאַנגען פֿון דער לעצטער כאַלופּע הינטערן קלױסטער, פֿון די גאַ־אַנגבס, און זיך אַװעקגע-שלעפּט צום הױז אױפֿן אַנדערן עק דאָרף...

דער װינט האָט אַלץ געטריבן, רײַסנדיק זיך װאָס אַמאָל שטאַרקער, און אַזױ געשאַרפֿן די בײַמעלעך, אַז ס'איז געפֿערלעך

װי דען! דאָס דאָרף איז דאָך געװען אומגעהײַער גרויס, בלויז כאַלופּעס איז געשטאַנען איבער פֿופֿציק, און ערד צום באַאַרבעטן איז געלעגן אַ גרויסער שטח. און באַם לײַטענטאַנט*) האָט מען זיך געטראָפֿן פֿאָרען, און מײַלער מזאָל זײַ דערנערן האָבן אָן אַ צאָל געװאָרן.

און דאָס אַלץ טאַקע האָט זיך, װײַל מ'האָט די פֿירערן גענומען, מער געהאַלטן אויף גאָטס השגחה. װי אויף מענטשלעכער הילף; איז דעריבער קײן װוּנדער ניט, אַז מיט יעדן טאָג האָט זיך די נויט אַלץ מער געשטאַרקט, און ס'האָבן זיך געמערט די באַדערפֿענישן, געהײלן און צרות...

ראָכאַ האָט דאָס אַלץ גוט געזען און געװוּסט; אָבער ערשט הײַנט, גײענדיק פֿון כאַלופּע צו כאַלופּע, האָט ער דערזען, װאָס פֿאַר אַן אונטערגאַנג עס גיבט זיך אומעטום אַרײַן...

װאָרן נאָך הײַניק, װאָס די פֿעלדער זענען געלעגן ליידיק, אַז קײנער האָט ניט געאַקערט, ניט געזײט ניט פֿאַרזעצט, װאָרן דאָס האָט זײ האָבן זיך געפּאַטשקעט אײַן, פֿעלד, האָט װי אַ קינדער־שפּיל אױסגעזען — נאָר אַ חורבה און אַ פֿאַרלאָזקײט האָט זיך שױן אױף יעדן טריט געזען: די פּלױטן האָבן זיך אײַנגעלײגט ערשטערהײט, װי מידער זענען שױן דורך די אָפּגעריסענע דעכער די קראַקעס און די לײַטן אַרױסגעקראָכן, דאָ זענען אָפּגעריסענע טירן נאָכגעהאַנגען, פֿונקט װי אונטערגעהאַקטע פֿליגל. קײן איינציק און די הײַנט און ניט אײן כאַלופּע האָט זיך אויסגעבויגן, אומויסט זיך בעטנדיק, מ'זאָל זי אונטערשפּאַרן.

און אומעטום האָבן די װאַסערן געשימלט הינטער די כאַלופּעס, אַ בלאָטע ביז איבער די קני און אומעטוםיקע הינטער די טירן, אַז ס'איז קײן אופֿן נישט געװען דורכצוגײן, און אויף יעדן טריט אַזוי פֿיל שאָדן, אַז דאָס האָט אַלץ האָט אונדז װײ געטאָן; עס האָבן די בהמות אַלס געריסן פֿון הונגער און די פֿערד

---

*) אינװענטאַר.

און האָט ער באַמערקט, אַז ערגעץ איז כּמעט צו פֿיל אומ־פּיק און מ'באַקלאָגט זיך — האָט ער געמאַכט פֿאַרשידענע געלעכטערלעך, פֿרייַלעכע וויצן... מיט די שיקסעס האָט ער אויך גאַנץ גערן וועגן חתנים אײַנגעשמועסט און וועגן די שקצים דערכאַנט; מיט די פֿירזשטעס האָט ער געשמועסט וועגן די קינדער, וועגן די דאגות, וועגן די שכנטעס און וועגן דעם אַלטעטשקן, אין וועלכן דער הייבערישער מין קען נאָר אַ טרייסט געפֿינען — אַבי נאָר דאָס פֿאָלק צו בעסערע געדאַנקען צו דערפֿירן...

און ווייל ער איז געווען אַ מענטש אַ קלוגער, אַ פֿרומער, נישט ווייניק אויף דער וועלט אויסגעזען, איז האָט ער דיר באַלד פֿון ערשטן בליק געוווּסט, וואָס צו זאָגן און העלפֿן מיט עפּעס אַ מעשהלע דעם אומעט פֿון האַרץ אַרויסצוטרייבן; אײנעם איז נייטיק געווען געלעכטער, אײנעם אַ בשותּפֿותדיקע תּפֿילה, אָדער נאָר אַ האַרץ, קלוג וואָרט, אָדער אַ דראָונג...

ער איז אַזאַ גוטער געווען און יעדן אײַנציקן אַזוי מיטגעפֿילט, אַז כאָטש מ'האָט אים נישט געבעטן, פֿלעגט ער נישט אײן נאַכט בײַ קראַנקע אָפּזיצן, שטאַרקנדיק די אָרימע נעבעך מיט זײַן גוטסקײַט, אַז זיי האָבן אים שוין מער כּבֿוד אָפּגעגעבן, ווי דעם דאַבראָדושעי...

ביז שוין צום סוף נאָר האָט ער זיך צוגעהויבן דעם פֿאָלק ווי אַ הייליקער אויסצוווײַזן, וואָס צעטראָגט איבער די הײַזער גאָטס רחמים און טרייסט.

— אָבער האָט ער זיך דען געקענט אַן עצה געבן מיט דער גרויסער נויט? האָט ער דען געקענט בײַקומען דעם גורל, און די הונגעריקע צו דערנערן, די קראַנקע געזונט צו מאַכן, אָדער די פֿעלנדיקע העלפֿן מיט ווײַנע צו פֿאַרבײַסן?...

איבער די כּוחות פֿון אײן מענטש האָט ער זיך באַמיט, העלפֿנדיק און פֿאַרהיטנדיק דאָס פֿאָלק — נאָר אַז פֿאַרן גאַנצן יאָר איז דאָס נאָר אײן קריש געווען, אַזוי פֿיל, גלײַך ווי עמענער וואָלט אין אַ ברענענדיקער היץ די דורשטיקע ליפּן מיט צוויי פֿײַכט געמאַכט, נישט געבנדיק זיי צו טרינקען!...

געלד: איינער האָט אַ־טערנעטיאָגס, דער צווייטער האָט בכלל־טרעט געאַקערט, זיי זענען נאָך ביידע געווען צווישן צוויי קוס. זיי האָבן קוים מיט דער נאָז צום פערדס חיידל דערגרייכט און זיי האָבן נישט פאַרבראַכט אין זיך קיין פיצל כוח, איז פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַקעראייזן איז בײַ זיי געגאַנגען ווי אַ שיכּורער פויער, און דאָס פערד האָט זיך וואָס אַ ווײַלע צו דער פערד־שטאַל אויסגעדרייט, האָבן זיי עס כאַקע בשותפות געקײַלט און געשלעפּן, קריגנדיק זיך איינער מיטן אַנדערן.

— מיר וועלן זיך אַן עצה געבן, ראָכאַ, מיר וועלן זיך אַן עצה געבן, נאָר איבער די בעטשערוועס, די שטיינער. שפּרינגט דאָס אַקעראייזן אַרויס, און אויך די קאָבילע ציט צום זײַטבאָק... — האָט זיך דער עלטערער מיט טרערן אין די אויגן פאַרגעספּערט, ווען ראָכאַ האָט בײַ אים אַרויסגענומען דאָס אַקעראייזן און גענומען דעם אָנגעהויבענעם אַקער, לערנענדיק זיי איינצײַטיק ווי אַזוי צו האַלטן די קאָבילע.

— אַצינד וועלן מיר שוין אַ גאַנצע סטאַיע ביז נאַכט צו־אַקערן!... — האָט ער ווילדריש אויסגעשריגן, אומקוקנדיק זיך מיט שרעק, צי האָט נישט עמעצער דערזען, ווי ראָכאַ האָט צו־געהאָלפן, און ווען דער עלטער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך פלינק אַנידערגעזעצט איבערן אַקעראייזן פון הינטן אַרויס, ווי דער טאַטע פלעגט טון, און ר'האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס.

און ראָכאַ איז זיך ווײַטער געגאַנגען איבער די כאַלופעס, רעכענענדיק, אַז ער קען ערגעץ־ווו בײַהילפיק זײַן.

ר'האָט איינגעשטילט קריגערייען, פאַרגלעט די סכסוכים, עצות געגעבן, און ווו ס'האָט געדאַרפט, האָט ער אפילו אין דער אַרבעט, מעג זײַן די שווערסטע, צוגעהאָלפן. וואָרן אַס אַזוי האָט ער בײַ די גלאָגבעס האָלץ אָנגעהאַקט, וועגנדיק, אַז די קלאָג־באָווע קען זיך נישט קיין עצה טון מיט אַ טענקאָטן פּיטן, און דער פאַטשעשאָווע האָט ער ווײַטער פון סטאַוו געבראַכט; ווו ס'זענען ווידער געווען צעלאָזישטעטע קינדער, האָט ער געמאַכט, זיי זאָל, פאָלגן...

בײַ די באַלצבאָרניקס װידער הײַנט מאַריבאַ, װעלכע איז נאָך יאָגנאַ באַרינאַיִען אָנגעגאַנגען אין דאָרף פֿאַר די שפּענסטן, געזײַנט אַרבעט באַלד הינטערן פּליוס, אין דער פֿריאַרצײַט, הילפֿט באַמיסטיקסטער ערד: נאָר זי האָט זיך געריירט, װי אַ פֿליג אין דער סבאָלע. זי איז געזעסן אָרומגעהילט מיט אַ טיכל איבערן קאָפּ און אין טאַטנס קאַפּאָטע ביז דער ערד, כּדי דער װינט זאָל די שטורעמיגע ניט צעבלאָזן.

— אײַל דיך ניט אַזױ, װעסט נאָך דאָגױען... — האָט ער זיך צעלאַכט, אַרױסשטעלנדיק אױף דער בײס.

— װאָס הײסט... װער ס'טוט אי, גרױסן דינסטיק אַרבעט זײַן, — דער נעמט פֿאַר אַ טאָפּ אַרױס אין צװײען! — האָט זי שמײכלענדיק אָפּגעענטפֿערט.

— אײדער װעסט פֿאַרענדיקן דאָס זײַען, װעלן דיר שײַן די ערשטע אױפֿגײן! אָבער ס'איז צו געדיכט, מאַריש, צו געזיכט... זאָלן זײ נאָר אױפֿװאַקסן, װעלן זײ זיך אין קאָלט נעם אײַנװיקלען און צעדערלײַגן!

ער האָט איר געמײנט, װי אַזױ מ'זײַעט כּיטן װינט. מאָרן די איז אַ נאַר, זי האָט זיך ניט געכאַפּט װי אַזױ, נאָר געזײַעט, װי ס'איז איר אױסגעקומען.

— אין װאָלוסאָן סאָכאַ האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט צו אַלעמען פֿעיִק! — האָט ער װי אָן חשק אױסגערופֿן, בײַענדיק דערלעבן כּיטן אַקער-גראָבן, װאָס איז פֿול געװען מיט בלאָטע.

— צ'האָט דען געגרונדט כּיט אים...? — האָט זי אױסגעשריגן, בלײַבנדיק פֿרוצלינג שטײן, כּדי דעם אָטעם צו כאַפּן.

זי איז שרעקלעך רױט געװאָרן, אָבער זי האָט זיך מורא געהאַט צו פֿרעגן.

ראָכאַ האָט זיך נאָר צעשמײכלט, אָבער אומצוקײַיענדיק, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— יום-טוב װעל איך אים זאָגן, װי דו טוסט דיך פֿײַן צו צו דער אַרבעט!...

בײַ די פּלאַטעקעס װידער, סטאַכאָס געשטעסטערן-קינדער, האָבן צװײ שקציבעלעך פֿאַראַקערט באַלד באַם ייצע אַ קאַרט־צאַפּ".

און דאָ גייט צו די ימים טובים, דער גרויסער דינסטיק ליגט שוין אויפן קאַרק. איז טאַקע צוגעקומען אַרבעט און ניט װײניק פֿאַרשידענע דאגות — דאָ האָט מען לעבן די כאַלופּעס געדאַרפֿן מאַכן אין אָרדענונג, דאָ די קינדער באַנײען, זיך אַלײן אײן עפּעס מאַכן, אין מיל אַרײַן צו פֿירן, װײצן דעם געהײליקטן ברויט האָט מען געדאַרפֿט אַ סך טאָן, און װײצן נאָך פֿיל אַנדערע זאַכן, און אין יעדער כאַלופּע האָבן זיך שוין די באַלעבאָסטעס שטאַרק דעם קאָפּ געבראָכן, װי אַזוי מען טוט זיך אַן עצה מיט דעם אַלעם, און די האָבן פֿלײַסיק די קאָכערן אויסגעקוקט, װאָס מען זאָל דאָס דעם קרעטשמער פֿאַרקויפֿן, אָדער אין שטאָט אַרײַן אַװעקפֿירן. כּדי צו באַקומען דעם נײטיקן גראָשן. עטלעכע פֿריערטע זײַנען שוין אַפֿילו באַלד נאָכמיטאָג אַװעקגעפֿאָרן, פֿרײַנדיק עפּעס אײַנצוקויפֿן שטרוי אויך צו פֿאַרקויפֿן.

— ס'זאָל ענק נאָר ערגעץ־װוּ קײן בײז ניט שטערן! — האָט ראַכאָ געװאָרנט דער גלבאָסװעץ, װעלכע איז גראָד אַדורכגעפֿאָרן מיט אַ מאַגערער פֿערדל, אַז ס'איז קוים מיטן װינט געגאַנגען.

און ער האָט זיך באַלד אַראָפּגעדרײט צו איר אין כאַלופּע אַרײַן, דערזעענדיק, אַז די שיקסלעך, װאָס האָבן די ספּאַרעס אויסגעקלעפּט, קענען ניט איבערן פֿענסטער דערגרײכן. ער האָט זײ דערין צוגעהאָלפֿן און ר'האָט זײ נאָך קאַלך אין שעפֿל געמאַכט צו װײַסן די װענט. אין אַ פֿײַנעם פֿענדזל האָט ער פֿון שטרוי אָנגעאַרבעט.

און איז װײַטער אַװעקגעקראָכן.

בײַ די װאָכניקעס האָט מען מיסט אויף די נאָענטע פֿעלדער אַרויסגעפֿירט, אָבער ס'איז זײ אַזױ געשיקט געגאַנגען, אַז אַ העלפֿט האָט זיך פֿון די ברעטער אויפֿן װעג אויסגעשאָקלט, און אויך צוזײ־שיקסעס האָבן דאָס פֿערד באַם צײַמל געצױגן, װאָרן ס'האָט אַפֿילו ניט געװאָלט פֿאָלגן. איז דאָרט ראַכאָ אַרײַנגעגאַנגען. דאָס מיסט האָט ער װי עס געהער צו זײַן אַרום־געקלאַפּט, און דאָס פֿערד האָט ער מיט דער בײַטש אַ שמיר געטאָן, אַז עס האָט געצויגן געהאָרכזאַם װי אַ קינד...

רעדן. יעדער אַרבעט פֿריִער ווינס אָפּ: צו וואָס זאָל ער זיך וואַרן וועגן הענטן! די זאָגן צו צו קומען אין אַ וואָך אַרום, אָדער אין צוויי!...

— יעזוס! אַז דער מענטש פֿאַרמאָגט נישט מער נאָר ווי צוויי שוואַכע הענט!... — האָט ער שוין אָפּגעזיפֿצט.

— צ׳העלפֿט אַזוי אויך גענוג צו דעם פֿאָלק, צ׳העלפֿט!... ווען נישט אייער פֿאַרשטאַנד אין דאָס גוטע האַרץ, איז ווייסט מען שוין נישט, וואָס עס וואָלט מיט אונדז געשען!

— ווען איך וואָלט נאָר געקענט דאָס, וואָס איך וויל, וואָלט קיין צרות אויף דער וועלט נישט געווען! ניין!

ער האָט צעשפּרייט די הענט אין שווערער אומאַכט און איז געשווינד אַרויסגעגאַנגען צום וואָגן. נאָר נישט אַזוי גיך איז ער אַהין אָנגעקומען, אָפּשטעלנדיק אין אַלע כאַלופּעס.

דאָס דאַרף האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַרויִקט; ווי־נישט־ווי נאָך איבער אַ טייל הייף, האָבן די מער פֿאַרביסענע: נאָך געדיסקוטירט. אָבער מערסטנטייל זענען זיי זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען צעריסן דאָס מיטאָג, און אויף די ווענט האָט נאָר דער ווינט גע־הוליעט, ווי פֿריִער און די ביימלעך געטרייסלט.

אָבער תּיכּף נאָך מיטאָג, נישט קוקנדיק אויף דעם וויסטן ווינט, האָט אָנגעהויבן ווימלען אומעטום פֿון מענטשן; אין די הייף, אין די גערטנער, פֿאַר די כאַלופּעס, אין די פֿעדערהײַזער און אין די שטיבן האָט אויפֿגעקאָכט, ווי אין אַ בינשטאָק פֿון דער אַרבעט און פֿון נישט איבערהערלעכע געדערייען פֿון די באַבעס, — וואָרן בלויז ווײַבער האָבן זיך געפֿאַרעט און שיקסעס־טשיגעס. און האָט זיך שוין יאָ ווו געטראָפֿן אַ שגצל, איז עס נאָך געווען אַזעלכער מיטן שטענגל אינדרויסן. העכסטנס האָט ער געטויגט צום פּאַשען, וואָרן די עלטערע זענען דאָך צוזאַמען מיט די טאַטעס געזעסן.

די האָבן זיך פֿלינק געפֿאַרעט, נאָך אינסטרומענט־ברייק אויף אין דער גיך, ווייל זיי האָבן זיך געאײַלט, צוליב דעם צוזאַמענקומען פֿון די גלחים צום כּתחדה זײַן. געבאַכט אַ יום־טוב אינדערהיים, לײַצריק כמעט אַ גאַנצע טאָג אין קלויסטער. און הײַנט האָבן זיי זיך צוליב די סטראַזשניקעס פֿאַרבאַלאַמוטעט.

געבליבן בלויז ווייבער, אַז ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל אין פעלד אַר-בעטן, און נישט נאָך איין סאָרווערק ערשט צו פאָרן. כ'וועל אַהינ-גיין צו אים, זאָל ער פאַרגלעטן דעם ענין, ווי זאָלן נישט הייסן אַבאָל צאָלן קיין שטראָף!...

— דאָס אַלץ וועט אים, ווי מען וואָלט נקמה גענומען אַן ליפּצע פאַרן וואַלד!... — האָט זי געזאָגט.

— ווער?... דער פּריץ?... מיין ס'ייערע! וואָס פאַר אַ געשעפטן האָט ער מיט דער מאַכט?...

— ווי ס'זאָל נישט זיין, רעדט זיך אַ פּריץ מיט אַ פּריץ גיכער צונויף, לעבן אין גוט-פריינטשאַפט, האָט ער זיי אָנגעזאָגט צו נעמען נקמה אין ליפּצע!...

— גאָט מיינער! אַז קיין איין בערוטער טאָג איז נישטאָ!... בסדר איז דאָ עפּעס נייעס!...

— אַז ס'זאָל נאָר קיין ערגערס שוין נישט קומען!... — האָט זי אָפּגעזיפצט, פאַרלייגנדיק די הענט ווי צום פּאַ-טשטערוס.

— זיי וענדן זיך צוזאַמענגעלאָפן, ווי די סראַקעס, און גע-פּיסקעוועט האָבן זיי, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן!...

— ווי דען, ווען ס'בייסט, דער קראַצט זיך!..

— מיט קיין געוואַלדן וועסטו גאָרנישט אויפטון, מ'קען נאָר אַ נייע צרה אויף זיך אָנברענגען!..

ער איז געווען איבערצייגט און אָפּגעשראָקן, אַז ס'זאָל עפּעס הינטער אויגן דאַרף קיין בייזס נישט אַראָפּפאַלן.

— צ'גייט צוריק צו די קינדער?

ר'האָט זיך געהאָט אויפגעהויבן פון דער באַנק.

— כ'האָב פונאַנדערגעלאָזט מיין שקאָלע: ס'איז יום-טוב; און צווייטנס, וועלן זיי מוזן אין דער כאָלופּע צוהעלפן: אומעטום איז אַזוי פיל אַרבעט פאַרהאַן!...

— כ'בין היינט געווען אינדערפרי אַרבעטער דינגען אין וואָליע. כ'האָב זיי צוגעזאָגט צו דריי גילדן פון אַקער, כ'וואָלט זיי געגעבן צו עסן, און קיין איינעם האָב איך נישט געקענט צו-

— און כיך, הייסט דאָס, נישט, דערפֿאַר וואָס איך האָב פֿלאַקס הינטערן שייער געטרוקנט!

— און ווי אַזוי זיי האָבן אָנגעקיילט גלבאַשיקס וונגל, דערפֿאַר וואָס ר'האָט זיי אַ שפּיין געוואָרפֿן!...

די האָבן אַלע אײַנגעטם געקוויטשעט, שטופּנדיק זיך צו ראָכאַן, אַז ר'האָט אויס די אויערן פֿאַרשטאָפּט פֿון דעם טומל.

— סאַטש ווערטס אַ ביסל שטילער! מיטן רעדן וועט מען גאָרנישט אויפֿטון! שטילערס!... — האָט ער אויסגערופֿן.

— איז גייט צום וואָיט און מאַכט אים קלאָר, אָדער מיר וועלן אַלע מיט די בעזימס דאָרט אַהינגיין!... — האָט זיך די קאָנוסאָזשע עקשנותדיק געריסן.

— כ'וועל גיין, נאָר פֿון אין דער רגע צעגייט זיך!... יעדע אײַנציקע האָט דאָך אַזוי פֿיל אַרבעט אין דער כאַלופּע... כ'וועל פֿיין אַלץ קלאָר מאַכן!... — האָט ער הייס געבעטן, מורא האָבנדיק, אַז די כטראָזשניקעס וועלן זיך נישט אומקערן.

און ווײַל גראָד אין דער זעלבער צײַט האָט מען געקלונגען אויף מיטאָג אין קלויסטער, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן ביסלעכווײַז פֿונאַנדערצוגיין, אײַנטענהנדיק הויך אויפֿן קול און אָפּשטעלנדיק זיך פֿאַר די כאַלופּעס.

ראָכאָ איז ניט אַרײַנגעגאַנגען אין סאָלטיסעס הויז אַרײַן, ווי ער האָט געהאַט אַצינד געמיינט. וואָרן ער האָט געלערנט די קינדער אין שיקאַרעס לײַדיקער כטוב. אויפֿן אַנדערן עק דאָרף, נאָך דער קרעטשמע. דער סאָלטיס איז נישט געווען אינדערהיים, ער האָט אָפּגעפֿירט די פּאָדאַטקעס אין פּאָוויאַט אַרײַן.

די סאָכאָוואַ האָט אים באַלד דערציילט, רויִק, כסדר ווי אַזוי עס איז געווען.

— ס'זאָל נאָר אַמאָל פֿון די געוואַלטן קיין שום שלעכטס נישט אַרויסקומען!... — האָט זי צום סוף באַמערקט.

— דער וואָיט איז שולדיק. די סטראָזשניקעס טוען דאָס, וואָס מ'הייסט זיי. ער ווידער ווייסט, אַז אין דאָרף זענען נאָר איבער-

— און ער איז דער ערשטער, וואָס ער ברענגט־צו צו דעם אַלעם.

— און דערנאָך שטייט ער דאָך טאַקע, ווייל ער האָט דער־פון פראָפיט — האָבן זיי זיך ווידער צעשריגן.

— ר׳האָט אָנגערעדט, אַז מ׳זאָל זיי געבן צו פערטל שאָק אייער פון יעדער כאַלופע, אָדער צו הינער, וועלן זיי גע־מאַך לאָזן און אַנדערע דערפאַר צום שאַרוואַרק אַרויס־טרייבן.

— שטיינער וואָלט איך זיי געגעבן!

— מיט אַ שטעקן צעגעלייגט!

— שטילער, ווייבער, מ׳זאָל ענק אַמאָל ניט באַשטראָפן פאַר באַליידיקן די מאַכט!

— זאָלן זיי באַשטראָפן, זאָלן זיי נעמען אין קאָזע אַריין. אין די אויגן אַריין וועל איך מיך שטעלן, מעג זיין דעם גרעסטן באַאַמטן, און אַלץ אַרויסזאָגן, וואָס פאַר אַ פיין מיר לעבן!...

— פאַרן ראַיס וואָלט איך ווידער מורא געהאַט!... פאַר־שטינקענע פיגור!.. ר׳האָט בא מיר אַזאַ הערט, פונקט ווי די סטראַשידלע אויף קראָלבן אָפּצושרעקן!... דאָס געדענקט ער ניט, אַז פריערס האָבן אים אויסגעקליבן, איז קענען זיי אים פון דער־דאָזיקן אַמט צוריק אַראָפּזעצן!... — האָט געצאַלמעטשעט די פּלאַסקאַרע.

— נאָך באַשטראָפן זאָלן זיי!... הייסט, מיר צאָלן ניט קיין פּאָדאַטקעס, מיר גיבן ניט אונדזערע סקאָטים צו די רעק־רוטן אַוועק, מיר טוען ניט אַלץ, וואָס זיי הייסן נאָר!... ס׳איז זיי נאָך ווייניק, וואָס מ׳האָט אונדז די מאַגן צוגעטומלט!..

— און ווי די קומען נאָר, פאַלט באַלד אַ צרה אויף עמעצן.

— און שניט־צייט האָבן זיי מיר אין פעלד אַ הונט דער־שאָסן!...

— מיך ווידער האָבן זיי אין סאָד אַריין איינגעגעבן, וואָס די סאָלדאַטן האָבן זיך בא מיר אָנגעצונדן!...

— וואָס האָבן די געוואָלט? — האָט רעכע אַ פרעג געטאָן אײַנגײַענדיק צווישן די פּיקעטס.

— וואָס! אַז דאָס דאַרף זאָל געבן צוואַנציק פורן מיט מענטשן צום שאַרוואַרק, אַז ס׳זאָל שוין אין דעם אויגנבליק פאָרן פאַרריכטן דעם וועג אין וואַלד... — האָט אים די פּלאַסקאַטע דערקלערט.

— עפּעס אַ העכערער באַאַמטער דאַרף דאָרט אַרום אַדורכ- פאָרן, און דעריבער הייסן זיי פאַרשיטן די גריבער...

— מיר האָבן געזאָגט, אַז קיין פורן און קיין מענטשן וועלן מיר נישט געבן.

— ווער וועט דאָס פאָרן?

— וועלן די פריִער אונדזערע פירן אַרויסלאָזן, וועלן זיי פאַרריכטן.

— לאָזן זיי דעם פריץ אײַנשפּאַנען!

— זיי וועלן זיך בעסער אַליין גענומען צו דער אַרבעט און נישט איבער די הײַזער צו ניפּסערן!

— שטשערוהעס, אונטער־דריקערס! — האָט אײנע איבער דער אַנדערער אויסגערופן, און וואָס אַמאָל העכער.

— כ׳האָב נאָר דערזען די סטראַזשניקעס האָט מיר עפּעס באַלד דאָס האַרץ קיין גוטס נישט געזאָגט...

— זיי באַראָטן זיך דאָך שוין מיטן וואָיט פון דער פרי אָן אין קרעטשמע.

— זיי האָבן זיך אָנגעזויפן מיט בראָנפן און גענומען זיך גיין איבער די שטיבן, און מענטשן צו דער אַרבעט אַרויס- טרײַבן...

— דער וואָיט ווייסט דאָך גאַנץ גוט, האָט ער געדאַרפן דאָרט אין דעם אַמט אויסטײַטשן, ווי אַזוי עס איז אויס אין ליפּ- צע — האָט ראָכע זיך אָנגערופן, בעתן הילכיק איבערשרײַען די פאַרצווייפלטע קולות.

— סדיען, ער האַלט מיט די סטראַזשניקעס!

חאַיִם, האָט ער זיך אַראָפּגעדרייט אין גאַנצן הויף אַרײַן, און פֿון דאָרטן פֿאָרזיכטיק זיך אָנגעהויבן אַריבערצוקריכן דורך די נעענטער צו דער גראָמאַדע מענטשן; ער האָט עפּעס נישט ליב געהאַט צו קריכן דער מאַכט אין די אויגן אַרײַן.

דער טומל איז געוואָרן װאָס אַמאָל שטאַרקער, ס'איז װאָס אַמאָל מער פֿויערטעס צוגעקומען, קינדער האָבן זיך אַרײַן אין אַ גאַנצער מחנה צוזאַמענגעלאָפֿן פֿון אַלע זײַטן, פּאָקנדיק זיך צווישן די עלטערע, און שטופּנדיק זיך איינער דעם אַנדערן. אַז ס'איז אויך ענג געוואָרן פֿאַר די הייף האָבן זיי זיך אַרויסגעשטעלט אויפֿן װעג, נישט קוקנדיק אויף דער בלאָטע, נישט אויף די צעזייגטע בײמער, װאָס האָבן מיט די צווײַגן געשמיסן. זיי האָבן עפּעס געגרענערט אַלע צוזאַמען, דאָ האָבן זיך עפּעס באַזונדערע שטימען געלאָזט הערן, אָבער װאָס דאָ איז, האָט ער זיך נישט געקענט אויסטײַטשן, װאָרן דער װינט האָט די װערטער אַװעקגעריסן. ער האָט דורך די בײמער דערזען, אַז די פּלאַ־קאַטע האָט אָנגעפֿירט מיטן רעדל: אַ גראָבע, אַן אויסגעפּאַשעטע, מיט אַ רויט פּנים, האָט זי עפּעס צום הימל געשריגן און אַזוי פֿאַרביסן אַלעמאָל אונטערגעפֿאָרן מיט דער פֿויסט דעם חאַיִם אונטער דער נאָז, אַז יענער האָט אָפּגעטרעטן, און די איבעריקע האָבן צו־פּאַטשקעװעט מיט װײַטערע געװאַלדן, פּונקט װי אַ סטאַדע צעװילדעװעטע אינדיקעס. די קאָנסאָאָחאַ װידער האָט זיך אין די זײַטן אײַליק אַרומגעפּאָרעט, אומזיסט זיך װעלנדיק אַדורכשלאָגן צו די סטראַזשניקעס, איבער װעלכע ס'האָבן זיך יעדע װײַלע געבײַלט טע פֿויסטן אַרױפֿגעהויבן, און װי־נישט־װי אויך שוין אַ שטעקן אָדער אַן אײַנגעשטירעטער בעזעם...

דער חאַיִם האָט זיי עפּעס אויסגעטײַטשט, קראַצנדיק זיך פֿאַרזאָרגט איבערן קאָפּ, פֿאַרהאַלטנדיק דאָס אָנגרײַפֿן פֿון די באָבעס, אַזוי, אַז די סטראַזשניקעס האָבן זיך פֿאַרזיכטיק אַרויסגערוקט פֿון דער קופּע באַם סטאַװ און װעלן אַהינצעבע־גאַנבען אין מיל אַרײַן; דער חאַיִם איז זיי נאָכגעגאַנגען, זיפֿצנ־דיק זיך פֿון זיי פֿון צײַט צו צײַט, און טראַכטנדיק די שקאָצינג, װאָרן זיי האָבן אים אָנגעטאָן בלאָטע נאָכצוהאָרכן.

IV

ראָכאָ האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך מיטן וועג פונם סטאַר. ווייל פרעסנס, האָט דער ווינט אים אזוי געריסן, אַז ער איז קוים אויף די פיס איינגעשטאַנען, און צווייטנס, איז ער זייער באַטריבט געווען פון דעם אַלעם, וואָס האָט זיך אין דאָרף אָפּגעטאָן; ער האָט נאָר פון צייט-צו-צייט די צעגליסטע אויגן אויף די כאַלופּעס אויפגעהויבן, ערגעץ פאַרטראַכט זיך און מיט ווייטיק אָפּגעזיפצט. וואָרן ס'איז אַזוי שלעכט געווען אין ליטע, וואָס ערגער קען שוין גאָרניט זיין.

און ניט דאָס איז געווען דאָס ערגסטע, וואָס ניט איינער איז געשטאָרבן פון הונגער, וואָס פאַרשידענע קרענק האָבן זיך געצבערט, וואָס מען האָט זיך שטאַרקער געקריגט און בײַ די קעפּ זיך געריסן, וואָס דער טויט האָט ווינס געטעמצן מער, ווי אין אַנדערע יאָרן, — פּונקט אַזוי איז געווען פאַריאָרן, און אין פריערדיקע צייטן. צו דעם האָט זיך שוין דאָס פאָלק געהאַט צוגעוווינט, פאַרשטייענדיק גאַנץ גוט, אַז אַנדערש זיין וועט שוין ניט... שלעכט און אַ כּן ערגער איז געווען נאָר עפּעס אַנ-

פונקט ווי ען! — זי האָט זיך לחלוטין ניט דערשראָקן פאַר איר שרייען.

— ביסט ווי א הונט, האָסט דיך מיט אים ניט אָפּגעשמועסט. נאָר געדענק, אז לאָז נאָר אין שטוב עפּעס פאַרפאַלן ווערן, איז ווי גאָט איז אין הימל, ווי כ׳וועל אייַנזעצן אין סאָנד אריין, און אויף דיר וועל איך אָנווייזן, אז האָסט געהאָלפן... זאָלסטו געדענקען... — האָט זי א צעווייטשעט געקוויטשעט.

יאַנגאַ איז פון צרות אויפגעשפרונגען, כאַפּנדיק אין דער גאָרשטש, וואָס ס׳איז איר נ׳ר אינטער דער האַנט געקומען.

— ווילסט דיך שלאָגן! שלאָג! פּרוּוו נאָר, איז וועל איך דיר דיין צאַצקעדיק פנימל אַזוי מאַכן, אַז וועסט דיך מיט דער רויטער יויך באַגיסן און דיין אייגענע מאַמע וועט דיך ניט דערקענען!...

זי האָט זיך געקאָכט, שרייענדיק מיט פאַרביסנקייט אויף איר, וואָס ס׳איז נאָר פון שוים און כעס אויף דער צונג געקומען.

און ס׳איז לגמרי אומבאַחוטס, מיט וואָס דאָס האָט זיך געזען געענדיקט, וואָרן זיי האָבן שוין ביידע געשפּיצט די נעגל, רייסנדיק זיך וואָס אַמאָל נעענטער איינער צו דער אַנדערער, ווען ניט ראָכא, וואָס איז גראָד אין דער היסטער מינוט אָנגעקומען, אַזוי, צו האַנקט, פאַרשטעלנדיק זיך פון זיין בליק, האָט זיך עטוואָס אָנגעקילט און אָנגעשטויגן געוואָרן, א זעץ בוטעריק גאָך זיך נאָר מיט דער טיר מיטן גאַנצן כעס.

יאַנגאַ ווידער איז איבערגעבליבן אין שטוב, ניט קענענדיק זיך קיין ראַט טון פון דערשטוינונג; די ליפּן האָבן זיך איר געטרייסלט, פונקט ווי אין פיבער און דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט, ווי באַ א גנב; די טרערן האָבן זיך איר ווי א־בעט א שיט געטון, ביז ענדלעך זי איז צו זיך געקומען; זי האָט אוועקגעוואָרפן די כאַלאַבוצע, וואָס זי האָט געהאַלטן צוגעדריקט אין דער גאָרשטש און זיך א וואָרף געטון אויפן בעט, און זיך צעהעטעט מיט א שטערנלעך און ניט אייַנגעהאַלטן געוויין.

י האָט זיך געדרוקט אַזוי שטילעטשקע, פּונקט ווי דער ווינט, וואָס האָט פֿון צייט צו צייט איבערן סטאַוו אַ פֿאָך געגעבן און די אַלכעס אַ גלעט געטאָן. זי איז געווען אַזוי גרוי און נישט אַגועטצודיק, ווי די פּלעטער אָדער ווי די ערד, וואָס איז ערשטערווײַז פֿײַן אויסגעדרוקנט געווען, אָדער גאָר ווי דער שוואַכער ראָטן, וואָס איז פֿון די נאַקעטע ביימער אויף דער ערד געפֿאַלן. קיינער האָט זי גאָר נישט באַמערקט.

זי האָט זיך מיטן גאַנצן האַרץ געפֿרייט, וואָס די טרעפּס אַזוי אַרן, ווי זי האָט עס אין האַרבסט איבערגעלאָזט.

מ׳האָט אוודאי געמוזט קאָכן אָנבייסן, וואָרן ס׳האָט גערויכט פֿון די קוימענס, און פֿון די אויפגעפּראַלטע פֿענסטער האָבן ריחות פֿון געבראָטענע קאַרטאָפֿל אַרויסגעצעצט.

כאָטש די קינדער האָבן דאָ און דאָרט געשריגן און די גענדז, וואָס האָבן די גענדזעלעך אָפּגעהיטן, האָבן אָפּט אויפגעהויבן אַ געמאַגעריי, פֿונדעסטוועגן איז וווּנדערלעך שטיל און פּוסט געווען אין גאַנצן דאָרף.

די זון האָט זיך שוין אויפגעהויבן ווײַטער הויך, געווייעט ווי מיט ריינסטן גאָלד, אין סטאַוו זיך אָנגעהויבן אײַנקוקן, און קיינער האָט זיך דאָך נאָך נישט געאײַלט אין פֿעלד אַרײַן, קיין וואָגן האָט פֿון די הויף־איינגענג נישט גערוקט, קיין אַקעראײַזן האָט נישט געסקריפּעט.

— אויפֿן יאַריד האָבן זיי געמוזט פֿאָרן, צי וואָס? — האָט זי געטראַכט, צוקיקנדיק זיך נאָך אויפֿמערקזאַמער צו די כאַלופּעס.

דעם וואַיטס סטאָדעלעס האָבן זיך געצעלט מיטן נײַעם האָלץ פֿון צווישן די נאַקעטע סעדער. פֿון געלבאַסטעס כאַלופּע, האָט איז נעסטאַנען דערלעבן, איז געווען אַראָפּגעריסן דער שטרוי־דאַך, און מען האָט די לײַטן פֿון דאַך פּונקט ווי נאַקעטע ריפּן אַרויסגעזען.

— די ווינטן האָבן אָפּגעריסן, אָבער דעם פּילאָק האָט זיך נישט געגלוסט פֿאַריכטן! — האָט זי געמורמלט.

כּחל די אפשר יעלכן גראָשן צוזאָגן, חלן די ניכער באַשטיין... און סאַקע אַזוי! וועד איז דאָס מחויב צו זאָרגן פאַר פרעמדע און די כאַלופּע זיך פאַראַמטרייניקן.

אַז דאָס זאָל קענען געשען בײַ די קלאָנגיס, בײַ די קריבים, האָט זי נישט געטראַכט אפילו אַ טראַכט צו טאָן.

— אַזוי פיל קינדער, און דער כאַליפּע איז ענג, און אַצינד ערשט וויפיל דרויב זיצן די הינטער אַרים, און זי דאַרפן האָבן אַן אָרט. און ס׳האָלט אויך נישט געווען קיין כבוד פאַר אַזעלכע נאָס-פאָדאַרוזשעס, אַז אַנגעטער ווייטער דאָך זאָלן קרובהשע דזשאַרעמבע שטאַרבן...

זי האָט אַזוי נאָכגעטראַכט אין ווייטיק, אַרויסגייענדיק איינעם וועג, האָט זיך געצויגן לענגויס דער גרעבליע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן הײַנטער, אָפּצוהיטן דעם סטאַוו, ער זאָל די נידעריקע לאָנקעס און קרויט-פעלדער נישט פאַרגיסן.

די מיל איז געשטאַנען לעבן דער גרעבליע, אַזוי נידעריק, אַז די פאַרמעטיקטע דעכער האָבן נאָר עטלעכע איבערן וועג אַרויס-געשטאַרט, ווי האָט זיך אײַנגעגבן געטרייסלט און מיט אַ טיפֿ גע-רויש געאַרבעט.

לינקס האָט דער סטאַוו געגלאַנצט. די זון האָט זיך מיט באַל-דיקן פעדעם איבער דעם שטילן הימל-געבליזן וואַסער צעפינקלט. אויף די ברעגעס, וואָס זענען מיט אײַנגעבויגענע אָלכעס באַוואַקסן גע-ווען, האָבן שרײַענדיקע גענדז מיט די פליגל געקלאַפּט. אויף די וועגן, וואָס זענען נאָך אַ ביסל בלאָטיק געווען, האָבן זיך קינדער מיט די סטאַדעס אַרומגעיאָגט און פון וועג געשריגן.

און ליפּצע איז זיך געזעסן פון בײדע זײַטן סטאַוו ווי פרי-ער, ווי שטענדיק, מסתמא פון צײַט די וועלט איז באַשאַפן גע-וואָרן, אײַנגעבוגן אין סעדער פאַרזונקען און מיט פלעקלעך אַרום-געשטעלט.

אַגאַטע האָט זיך געשלעפט מיט כאַטערניס. אירע אויגן זע-נען אָבער איבער אַלעם פלינק געלאָפן און האָבן אַלץ געזען און באַטראַכט.

דעם מילנערס הויז, וואָס איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון וועג

לעצטע שעה קומט שוין אָן, וואָס אַזינער האָט זי זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, צי זי האָט נישט עפּעס פאַרגעסן.

אָבער ניין, זי האָט געהאַט אַלץ, וואָס מ'דאַרף. אַ בראָמבניק-ליכט האָט זי מיט זיך געטראָגן. זי האָט עס געהאַט אויסגעבעטן, היט:דיק עפּעס אַ געשטאָרבענעם, און אַ פּלעשעלע געהייליקט וואַסער האָט זי אויך געהאַט, און אַ נייעם שפּריצער האָט זי געקויפט, און אַ געהייליקט בילדל פון דער טשענסטאָכאָווער, וואָס מ'מוז האָבן אין דער האַנט בשעת דער גסיסה, און די עטלעכע צענדליק גילדן אויפן באַגראָבענעס... און אפשר וועט דאָס אויך קלעקן אויף אַ תּפילה צופּריכטן בײַ דער טרומנע, מיט ליכט און באַשפּריצן מיט געהייליקט וואַסער כאָטש אין קלויסטער-פּעדערהויז! פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט נישט געדאַרפט אפילו צו טראַכטן, אַז דער גלח וועל די ביזן צמענטאַרזש באַגלייטן.

ווי איז דאָס גאָר מעגלעך! נישט יעדער גאָספּאָדאַרזש פאַרדינט זיך אַזאַ כבוד און גליק און דערצו וואָלט דאָס גאַנצע געלט בלויז אויף דעם אַליין נישט גענוג געווען!

זי האָט טרויעריק אָנגעזיפצט, אויפשטייענדיק אויף די פיס.

זי איז עפּעס אויסטערליש אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ס'האָט זי געשטאָכן אין דער גרויס, דער הוסט האָט זי געפּײַניקט, אַז זי האָט זיך קיים געקענט רירן, און זי האָט זיך אַלע ווײַלע געמוזט אָפּרוען.

— כ'זאָל כאָטש ביזן הייסענדן דערציען, אָדער גאָר ביזן פּנים — האָט זי געחלומט, ווי מיט די אויגן זיך צוקלערנדיק צו די וואָס אַמאָל נענטערע כאַלופּעס.

— און דערנאָך וועל איך מיך שוין אָנידערלייגן און דיר אָפּשטאַרבן, טײַערינקער יעזוס, אָפּשטאַרבן... — האָט זי ווי שרעקנדיק זיך פאַרענטפערט פאַר דידאָזיקע היגריקע האָפענונגען.

אָבער גלײַכצײַטיק איז זי באַפאַלן אַ זאָרג: ווער וועט זי אַרײַנשלעפּן אין אַ כאַלופּע אויף דער צײַט פון דער גסיסה?

— כ'וועל ביי געפינען גוטע און מיטלײַדיקע מענטשן.

— ס'זענען נאָך דאָ גוטע און דערבאַרעמדיקע מענטשן, ס'זע־ נען דאָ... — האָט זי געשעפּטשעט, באַטראַכטנדיק וואָרגזאַם די טאַרבעלעך, ווי דען: זי האָט זיך אָפּגעשפּאָרט אַזוי פיל, אַז ס'וועט איר געווענען איבן באַרעבעניס.

יאָרן־לאַנג האָט זי נאָר וועגן דעם געטראַכט און איר גאַנצע נשמה אין דעם אַריינגעלייגט, אַז ווען פאַן יעזוס וועט די צייט פון פרייס אַראָפּשיקן, זאָל דאָס קענען געשען אין איר איינציגע דאָרף, אין דער כ.'לופּע, אויף א געלעגער מיט בעטגעוואַנט אויסגעבעט, אונטער א שורה הייל'קע בילדער, ווי עס וועגן געשמאַק־בן אַלע באַלעבאָסטעס. דאָס גאַנצע לעבן האָט זי געקליבן אויף דערוואַ־ קער הייליקער און לעצטער מינוט.

זי האָט שוין געהאַט בא די קלאַנגס איינן בעדיטע שטיין א קאַסטן, אין וועלכן ס'איז געלעגן א שפּאַר איבערבעט, קישנס און ליילעכער, און נייע איינשיטן, און אַלץ איז געווען ריין, נאָך אינ־ גאַנצן נישט געניצט, עס זאָל נישט איינגעשמוצט ווערן, שטענדיק זיין גרייט. נאָר כ'איז אָבער נישט געווען ווו דאָכדאַויקע בעטגע־ וואַנט צו צעלייגן. זי האָט דען געהאַט אַן איינציגע שטיב אָדער א בעט; שטענדיק נאָר א ווינקל, אויף א ביסל שטרוי, ערגעץ אין א שטעלעכל, ווי ס'האָט זיך געמאַכט, און ווו גוטע מענטשן האָבן איר דערלויבט דעם קאָפּ אַנידערצולייגן. זי האָט זיך קיינמאָל איבגאָן נישט געשטופּט, צווישן די שטאַרקערע און הערשנדיקע, זי האָט זיך נישט באַקלאָגט אויף איר מזל, וואָרן זי האָט גאָרן גוט גע־ וווסט, אַז די גאַנצע אָרדענונג אויף דער וועלט קומט פון גאָטס ווילן, און קיין ווינציקער מענטש איז נישט איבערשטאַרק עפּעס אַנ־ דערש צו מאַכן.

האָט זי נאָר געהיים, שטילערהייט, איבערבעטנדיק גאָט פאַר דער גאוות, וועגן דעם איינציקן געחלומט, אַז זי זאָל האָבן א באַ־ לעבאָטיש באַרעבעניס, נאָר וועגן דעם האָט זי מיט שרעק גע־ בעטן...

אין דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס אַצינד, ווען זי האָט זיך מיט די לעצטע כוחות צום דאָרף צוגעשלעפּט, פילנדיק, אַז איר

זי האָט עס נאָכגעקוקט מיט א באַלעבאַטישער ליבלעכקייט, וואָרן זי זענען שוין נישט געווען אויסן װעג: דאָס קעלבל האָט זיך אויסגעריסן פֿון די הענט, איז אַרױסגעשפּרונגען אין אויפֿהייבנ-דיק דעם היידל, זיך א לאָז געטאָן אין דאָרף אַרײַן העגדיש-פֿענ-ריש איבערן פֿעלד, און דער ייִד איז עס מיט א צעװײנטן כאַלאַש דעם װעג פֿאַרלאָזן.

— גיב עס א קיש אין היידל אַרײַן און בעט עס שײַן, װעט עס זיך דיר אומקערן... — האָט זי מיט צופֿרידנקייט געשעפּטשעט, צוקיקנדיק זיך צום גניעג.

— איך אויף קלאָגנס מאָרגנס װעט מען נישט קענען לעבע-דיק נפֿש! — האָט זי דערבײַ באַמערקט, אָבער ס'איז שוין נישט געווען צו טראַכטן. דאָס דאָרף איז שוין געווען אַזוי נאָנט, אַז זי האָט שוין דערפֿילט דעם ריח פֿון די רויכן און דע־זען אין די סט-דער דאָס בעטגעוואַנט, װאָס האָט זיך געלופֿטערט, האָט זי נאָר מיט די אויגן דאָס גאַנצע דאָרף אַרומגענומען און א טיפֿע, דאַנק-באַרע פֿרייד האָט איר האַרץ ציטערן געמאַכט, װאָס יעזוס האָט איר דערלויבט צו דערלעבן דערמאָזיקן פֿרילינג און קערט זי אום צו אירע אייגענע, קערט זי אום צו אירע קרובֿים.

זי האָט דאָך געקענט װינטער אָפּשטאַרבן צווישן פֿרעמדע, זי איז װײַטער שווער קראַנק געווען, אָבער יעזוס האָט זי אומגע-קערט...

זי האָט דאָך מיט דעם גאָר דעם גאַנצן לאַנגן װינטער איר נשמה געגעבן, מיט דעם גאָר זיך געשטאַרקט יעדע שעה און מיט דעם זיך פֿאַר די פֿרעמדע, פֿאַר דעם עלנט און טויט באַ-שיצט...

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט הינטער די קוסאַקעס, כדי זיך א רוסטבל'ע צו שטאַרקן, אײדער זי גייט אַרײַן, אָבער האָט זי דען געהאַט כּוח. די פֿרייד האָט זי אַזוי צעגומען, אַז יעדעס ביינדל באַזונדער האָט זיך געטרייסלט אין איר און דאָס האַרץ האָט זיך אַזוי הייכיקלעך געזאָרפּן פּונקט ווי א פֿייגל, װאָס מען שטיקט אים!

זיין דאָס מיטן אַרויסצופֿירן, פֿאַרזייען, און היינט וואָס? אין איינציקן פֿייער, ווײַלן זי האָט ערגעץ אין דער מיט פֿעלדער דער־זען, האָט עפּעס געזייעט. ער איז געגאַנגען אײַנגעבויגן און זיך צוריק אומגעקערט, צעשיטנדיק אין א האַלבן קרײַז די קער־נער.

— מוז זײַן, אַז ער ווייסט אַרבעט, אויב אזוי פֿרי... די דאָמיניקאַנערס שקצים, ווײַזט זיך מיר אויס, וואָרן דאָרטן פֿאַל־אַקוראַט אויס ווײַטער פֿעלד... אַז ס'זאָל ענק גאָט דער דערבאַרמ־דיקער באַגליקן און אײַערע פֿעלדער זאָלן אויפֿגיין, סײַערע גאָספּאָ־דאַרעס! — האָט זי האַרציק געשעפּטשעט.

די סטעושקע איז געווען א געדרייטע, פּאַרטעמען פֿון פֿרישע קרעפּן־בערגלעך, שפּיינער, און ערטערווײַז בלאָטיק, אָבער זי האָט ניט געלייגט קיין אכט דערויף, אײַנקוקנדיק זיך מיט ליבלעכ־קייט און מיט געטרײַשקייט אין יעדער בוים, אין יעדן שטיקל פֿעלד באַזונדער.

— דעם גלחס קאָרן, געדיכט, ס'האָט זיך היפּש א ריר גע־טאָן!.. אמת, ווען כ'האָב מיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן אין דער וועלט אַרײַן, האָט ווער פּאַראַכעק דאַכאָ'ס מאַקע פּאַראַקערט דאָס פֿעלד, און דער דאָמבראָוסקי וווינען זיך געזעסן דאָ ערגיטס, כ'גע־דענק נאָך...

און זי האָט ווײַטער אַוועקגעהינקט, אָפּזיפֿצנדיק שווער, און מיט די פֿאַרטראַכטע אויגן א פֿיר געטאָן.

— מה, פֿלאַשקעס קאָרן... וועט אויס שפּעט פֿאַרזייעט אָדער ס'האָט גאָר א ביסל צופֿיל פֿײַכטקייט געהאַט.

זי האָט זיך מיט מאַטערניש אײַנגעבויגן, צורירנדיק זיך מיט די ציטערדיקע אַלטע פֿינגער צו די פֿײַכטע וואַנגען און גע־גלעט ווי מיט ליבשאַפֿט, פּונקט ווי קינדערישע האָר.

— באָרינעס ווײַץ, א היפּש שטיק, וואָס דען... ער איז דען ניט דער ערשטער גאָספּאָדאַרש אין ליפּצע!... אָבער ער איז עפּעס צוגעגעלט, ער האָט געמוזט כאַפּן א פּרעסטל, צי וואָס... א פּוטערן ווינטער האָבן זיי דאָ דורכגעמאַכט... — האָט זי גע־

מען האָט שוין געקענט יעדע כאַלופּע באַזונדער זען. אַז אַ מייל, פון וועלכער ס'האָט זיך וואָס אַמאָל שאַרפער אַ ריזלדיק פּריזם רעפראַגן. זי איז געשטאַנען אין עק דאָרף. באַם וועג און געמעס ווקען. אויפן צודערן עק האָט זיך דאָס קלויסטער אויפגעהויבן מיט זײַנע הויכע, ווײַסלעכע טירן צווישן ריזיקע ביימער, און האָט געפינקלט מיט די פענסטער און גאָלדענעם צלם אויפן קופּאָל. און לעבן אים האָבן זיך די דאַכוווקעס פון דער פּלעבאַניע גערייטלט. אַרום ווידער, ווי ווײַט דאָס אויג האָט נאָר געקענט גרייכן, זענען ווי אין אַ בלויען קראַנץ געשטאַנען די וועלדער, און די פעלדער, נישט מיטן אויג אַרומצונעמען, האָבן זיך צעגאָסן. ווײַטע דערפער זענען געלעגן, ווי די גרויסע בלעטעלעך, צו דער ע ר ד צוגעדריקט און אין סעדער באַהאַלטן; שלענגלדיק אויסגעצויגענע וועגן, קושאַקעס, שורות אָנגעבויגענע ביימער, ואַמדיקע שטחים, מיט יאַלאָווע ביימער שיטער באַוואַקסן; און אַ שמאָלער פּאַדעם פון אַ טײַכל, וואָס איז גלאַנצנדיק געפלאָסן און צווישן די כאַלופּעס אין סטאַוו אַרײַנגעפאַלן.

נאָענטער אַרום דאָרף זענען אין אַ גרויס ראָד די ליפּצער שטחים ערד געלעגן, צעשניטן אין פּאַסן, פּונקט ווי די אויפגעצויגן טראָגבע לײַוונט. זיי זענען באַרג-אַרויף געלעגן; אויסגעצויגן, אויף טײַלן צעשטערכלט. פעלדער האָבן זיך געשלענגלט און געצויגן לעבן פעלדער. די זענען אָפּגעטיילט געווען פון זיך מיט געדרייטע שטעגעלעך, אויף וועלכע ס'זענען זיך געדיכט צעוואַקסן צעשפּרייטע באַרןביימער. ס'האָבן זיך געבעדגלט יאַגאָדע-קושאַקעס מיט דערנער אַרומגעוואַקסן. אין דעם גאָלדענעם ליכט האָבן זיך שאַרף אַרויסגעשניטן גרויע אַמפּאַר, קערסט פעלדער; דאָ פּלאַכטעס גרינע ווינטער-תבואה, דאָרט פאַריאַריקע שוואַרצע קאַרטאָפל-פעלדער, אָדער שוין היייעריקע פּאַראַקערנע שטיקער ערד, ערטערווײַז האָבן זיך אין גריבער וואַסערן געגרייס און געצויגן ווי פּליסנדיק גלאָז. נאָך דער מיל האָבן זיך ווייסלעכע לאָנקעס פאַנאַנדערגעגאָסן, איבער וועלכע באַסטאַנעס האָבן זיך אַרומגעשלעפּט און פון צייט צו צייט געקלעקאָכעטעס. און די קרויט-פעלדער זענען נאָך אַלץ אַזוי אין וואַסער געלעגן, אַז נאָר די רוקנס פון די דורכגעווייקטע בייטן

קלעץ, יעדן בוים, יעדן שטיין און יעדן וואָלקן, צו אַלץ, וואָס פֿר־
ד׳גרויס און דערפֿילט...

אַזוי האָט איך געפֿילט אַגאַנצע, הינקענדיק פֿאַכעלענדיק און פֿאַרכנדיק מיט די דורשטיקע אויגן די ליבהאַרציקע ערד, די דאָזי־קע הייליקע ערד, ווי אַ פֿאַרשיכורטע איז זי געגאַנגען.

ערשט דאַמאָלס, ווען דאָס קליינע קלויסטער־גלעקל האָט זיך אויפֿן ליפּצער קלויסטער צעטשעטשעטערט, פּונקט ווי דאָס פֿייגעלע, וואָס רופֿט תּפֿילה טון, האָט זיך די אַלטע פּלוצלינג אויפֿגעכאַפּט, פֿאַלנדיק אויף די קניִען.

... אַז האָסט מיט דיין הייליקער השגחה געמאַכט, אַז כ׳זאָל מיך אומקערן...

. . . אַז האָסט, רבונו של עולם, אַרויסגעוויזן רחמנות צו אַ יתומה..

זי האָט דען געקענט רעדן! אַז די טרערן האָבן איר ווי אַ געדיכטער רעגן דאָס האַרץ פֿאַרגאָסן און זענען איר איבערן אויס־געמאָגערטן פּנים געפֿלאָסן. זי האָט נאָר עפּעס געמורמלט און אויש געציטערט פֿון איבערעגונג. עס איז גאָר נישטאָ קיין תּפֿילה־ביכל, וואָס זאָל פֿאַרמאָגן אַזאַ תּפֿילה, אַזעלכע ווערטער, וואָס זאָלן זיך אַזוי ווי אַ ברענענדיקער טוי איבערן האַרץ צעטריפֿן. זי האָט זיך מיט קראַמפּ אויפֿגעריסן און געגאַנגען, אײַנגעקוועטשט זיך צוקוקנדיק צו די פֿעלדער און זאָגנדיק אויפֿן קול עפּעס אַ וואָרט פֿון דער תּפֿילה, וואָס האָט זיך איר פּלוצלינג דערמאָנט..

און ווייל ס׳איז שוין געווען גרויס ר טאָג און די גנעלען זענען זיך שוין געהאַט אײַנגאַנצן צעגאַנגען, האָט זיך ליפּצע באַוויזן פֿאַר איר ווי אויף דער האַנט. דאָס דאָרף איז געלעגן אין טאָל, באַם גרויסן סטאַוו, וואָס האָט געבלויט ווי אַ שפּיגל פֿון אונטער אַ הימלעכער לײַכטער הילע אַפּער. ליפּצע איז געלעגן אַרום טײַך אין אַ קרײַז פֿון נידעריקע, ברייטע כאַלופּעס, וואָס זענען ווי פֿאַרשרי־לעכע יונגעס געזעסן אין גאַנץ נאַקעטע סעדער. רויכן האָבן פֿון צייט־צו־צייט איבער די שטרויענע דעכער געצויגן, ערגעץ־ווו האָבן שויבן געגלאַנצט אויף דער זון, אָדער ס׳האָבן זיך געווײַסט דורך די שוואַרצלעכע סעדער די פֿריש אָנגעווייסטע ווענט.

ס׳ט צעט פון בלויע וואסערן; ווי איז טאן דער חן געפלאסן, וואו
איבער דער ערד זיך געטראגן און די דאזיקע ניסן־פרימארגנס, און
פון אירע פונאנדערגעשפרייטע היילקע הענט האט זי לערנען
ארויסגעלאזט, די וואלן פרייד געשאלן, און נאך איד האבן לאנגע
געשלאסענע מתנות בושלען מיט א פריילעך געשריי געצויגן און
ש׳ורן חילדע געגרה וזנען דורכן בלאסן הימל דורכגעשווימען; און
באטשאנעס האבן איבער די נאסע לאנקעס געשוועבט, און שוואלבן
האבן בא די כאטעס געשטיסעטערט, און די גאנצע פייגל־משפחה
האט מיט א געזווינגערייע אנגעצויגן, און ווי נאר דאס וויניקע קלייד
האט זיך צו דער ערד צוגערירט, דארט האבן זיך ציטערדיקע
גרעזלעך אונטערגעהויבן, האבן זיך קלעפיקע קנאספן אנגעבלאזן,
האבן גרינע צווייגעלעך געפליסטערט און נישט דרייסטע בלעטלעך
האבן געטרייסט, און ס׳איז אויפגעשטאנען א ניי, פארבנדיק, מעכ־
טיק לעבן, און דער פרילינג האט שוין די גאנצע וועלט ארומגענו־
מען, פון מזרח ביז מערב. פונקט ווי די אלמעכטיקע שליחטע פון
גאט, וואס פארשפרייט גנאד און דערבארמדיקייט...

העי! דער פרילינג האט די בא דר׳ערד שטייענדיקע און
אויפגעקריכטע כאטעס ארומגענומען, מיט דערבארמדיקע אויגן אונ־
טער די שטרוי־דעכער ארויסטערגעקוקט, וועקנדיק די פארשטארטע
פארפינסטערטע מענטשלעכע הערצער, אז זיי האבן זיך שווער פון
די אלטע זארגן און פון דער גאנצער פינסטערניש אויפגעהויבן
האפנדיק אויף א בעסערן גורל, אויף א מער שפעדיקן שניט און
אויף דער אויסגעבענקטער שעה פון גליק...

די ערד האט זיך צעקלונגען מיט לעבן פונקט ווי אן אלט
געשטארבענער גלאק, ווען מען הענגט אין אים א ניי האַרץ אריין.
א האַרץ פון חן געבאכט, וואס שלאגט אויפן הויכן קול, קלינגט,
רוישט מיט פרייד, וועקט די פארשטארטע און זינגט אזעלכע זכן
און מעשיות, אזעלכע וואונדער און מעכטיקייטן, אז די הערצער
האלטן פריילעך אונטער, אז די טרערן גיסן זיך פון די אויגן,
אז די מענטשלעכע נשמה שטייט אויף תחית המתים מיט אן אומ־
שטערבלעכער קראפט, און קניענדיק פון גליק, נעמט זי ארום מיט
זיך די גאנצע ערד, די גאנצע וועלט, יעדעס אויפקוועלנדיקע גרויז

אויף וועלכן זי האָט זיך אין דער צײַט פֿון קאַ־טאָפּליעס־קאָפּען
אַוועקגעלאָזט, אין אָוונט זיך קײן ליבע אומגעקערט, פּונקט ווי די
פֿײגל, האָט קענען זיך שטענדיק פֿרילינג־צײַט צו זײערע נעסטן
צוריק.

אַן אַלט מענטש איז דאָס געווען, אַן אײַנגעשרומפּענע, אַ
שוואַכע, וואָס האָט קוים געאָטעמט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ ווער־
בע בײַם וועג אויסגעקרומט, צעקרישלט, וואָס טליעט נאָך קוים און
שטאַרבט אָפּ אין די זאַמדן; זי איז געווען אָנגעטאָן אין שמאַטעס,
מיט אַ דושאַדישן שטעקן אין דער האַנט, מיט שלומקעס אויף די
פּלײצעס, באַהאָנגען מיט בײַטשן שוואַרצע קרעלן.

זי איז אַרויסגעקראָכן פֿון הינטער די סטוגן אָפּער אין כאַ־
מע זון־אױפֿגאַנג און, דערפּשטענדיק מיט אײלענים, דאָס גרויע אױ־
אויסגעטרוקנטע פּנים צו דער זון אױפֿגעהױבן, ווי אַ פּאַריאַריק
אומפּרוכסבאַר לײַדיק שטיק פֿעלד; נאָר אירע גרויע, פֿאַרויטלטע
אויגן האָבן זיך צעגלאַנצט מיט פֿרייד.

ווי דען!... זי האָט נאָך אַזאַ לאַנגן און שווערן ווינטער
זיך אין איר אײַגענעם דאָרף אַרײַן אומגעקערט, און זי טאָקע גע־
לאָפֿן מיט אימפּעט, אַז די מאַרבעלעך האָבן איר נאָר איבער די
ווײַסן געטאַנצט און די בײַטשן קרעלן האָבן געקלונגען. אָבער ווײַל
דער אָטעם האָט איר געשטיקט און אַ הוסט האָט זי אַלעמאָל אָנ־
געכאַפּט אין דער וויסיקלעכער ברוסט, האָט זי זיך געמוזט אָפּ־
שטעלן, אײַנהאַלטן דעם טריט און שוין גײן שווער, מיט מאַטער־
ניש. זי האָט די הונגעריקע אויגן איבער דער וועלט געפֿירט און
געשפּײַלט צו די גרויע פֿעלדער, וואָס זענען אין גרינלעכע נעפּ־
לען אײַנגעהילט געווען, צו די דערפֿער, וואָס האָבן זיך פֿאַמעלעך
אין די נעפּלען אַרויסגעוויזן, צו די נאָך נאַקעטע בײמער, וואָס
האָבן בײַ די וועגן געוואַכט, אָדער צו די אײנזאַמע שומרים, וואָס
זאָקן אויף די פֿעלדער, צו דער גאַנצער וועלט׳

די זון האָט זיך שוין געהאַט אויפֿגעהויבן אויף אַ פּאָר פּרי־
ערן די הײך, אַז ס׳האָט שוין געקענט זײַן אַפֿילו די וויסטסטע פֿעל־
דער־ראַנגען: אַלץ האָט געבליטשטשעט מיט אַ ראָזן טוי, די שוואַרצע
אַקער־פֿעלדער האָבן געגלאַנצט אויף דער זון, די פֿאַסטערן האָבן

און באַלד נאָך זיי האָבן זיך אויך די טשײַקעס יאָמערלעך אויף די נאַסע לאָנקעס צעמונטן.

די באַטשאַנעס האָבן אָנגעהויבן קלעקאָטשען אויפן הויכן קאָ־ ערנעץ איבער די דערפער. וואָס מ׳האָט נאָך פון דער גרויקייט נישט אַרויסגעזען.

די זון איז שוין געווען אַט, אַט...

ביז אויך זי האָט זיך אַ באַוויזן געטון פון הינטער די ווײַסע וועלדער אָפּער, אַרויסגעטראָגן זיך פון תהום, און גלאַט אויסגעווענדט העכער האָבן זי איבער דער שלעפעריקער ערד ווי אַן אויסגעהייצטן גאָלדענעם און מיט פייערן צעגליטן האַסטיק־טעלער אַרויסגעטראָגן, און בענטשנדיק מיט ליכטיקייט די וועלט, לעבעדיקע און פרישע, ניי־געבוירענע און פאַרשטאַרטע, האָט זי אָנגעהויבן דעם הייליקן אָפּער פון טאָג, אַז אַלץ איז ווי פאַרצויבערנג אין שטיל געפאַלן פאַר איר מאַיעסטעטישקייט און אָנטשוויגן געוואָרן, צומאַכנדיק די פאַרשעמטע אויגן.

און אַט האָט זיך דער טאָג געשטעלט. און אויסגעהייצטע ליכטיקייט האָט זיך ווי אַ ים צעגאָסן.

די נעפּלען האָבן זיך, ווי שמעקנדיקע רויכן פון די לאָנקעס צום צעגאָלדעטן הימל געטראָגן און די פייגל אין אַלע באַהאַלטע־ נישן האָבן אַ שאַל אַרויס געטון אין איין גרויסן געשריי פון געזאַנ־ גען, פונקט ווי מיט אַ תפילה פון האַרציקער דאַנקבאַרקייט.

די זון איז כסדר געוואַקסן, האָט זיך געהויבן אַלץ העכער איבער די שוואַרצע וועלדער, איבער די צעוואָרפענע דערפער און אַ גרויסע, אַ ברענענדיקע, וואַרעמע, ווי גאָטס הייליקע אויג פון די באַרעמדיקייט, האָט זי אין איר אַלמעכטיקער און ווייטער קראַפט די הערשאַפט איבער דער וועלט זיך גענומען.

גראָד אין דער וועלבער צייט האָט זיך אויפן וואָגדיקן בערגל הינטערן וואַלד פון הינטער די הויפישע סטיגן אַפּער פון לובין, וואָס זענען געשטאַנען ליבן ברייטן און אויסגעפּאַרענעם וועג, באַ־ וויזן די אַלטע אַגאַטע, אַ קרובהטע צו גאָר אַ נאָענטע פון די קלאָ־ ביס.

זי האָט זיך אויסגעקערט פון בעטלען, פון יענטעס פרי־ט,

אַסטראָנױס און זעען נאָך האַרט צו דער ערד געזען צעבעריקס. אױבן הױ־נישט־הױ אַרױסגעשטאַרט װאַנטער דעם מאָרגן־רױט, פּונקט די שװאַרצע שפּיצער פֿון אונטער צעשױמטע װאַסערן, און טײל בײמער, די נענטסטע, האָבן זיך אײַנגעאָגן אין זײ און אין גרינען ליכט געװילבערט.

די זון איז נאָך נישט געװען. ס׳האָט זיך נאָר געפֿילט, אַז אַ יאָרע מינוט װעט זי זיך אַרױסשפּאַלטן פֿון דערדאָזיקער צעגלי־סטער מאָרגן־רױסקײט און װעט אַ פֿאַל טאָן; אױף דער װעלט אַרױף, װאָס האָט שױן די לעצטע מינוטן צוגעדרעמלט. זי האָט שװער געעפֿנט די נעפּל־פֿאַ־הילטע אױגן, אַ דושעבע ע זיך אַ ריר געטאָן, ביסלעכװײַז אױפֿגעװאַכט, אָבער זיך נאָך געפֿילט אין דעם װיסן צעפֿרײַענדיקן מאָרגן־שלאָף, װאָרן אַ שטילקײט איז אַראָפּגעפֿאַלן, װאָס האָט נאָך מער אין די אױערן געקלונגען, גלײַך װי די ערד װאָלט דעם אָטעם אײַנגעהאַלטן — נאָר אַ װינט האָט, פּונקט װי אַ שטי־לעטשקע אָטעמען פֿון אַ קינד, פֿון די װעלדער אַ בלאָז געטאָן, אַז דער טױ האָט זיך אָפּ פֿון די בײמער אָפּגעשאָקלט.

בײַ פֿון דערדאָזיקער פֿאַרחלשטער רעמערונג־גרױקײט, פֿון דידאָזיקע נאָך פֿאַרשלאָפֿענע, טונקעלע פֿעלדער, פּונקט װי אין אַ צעתּפֿילהן און אױף אַ װײַלע אײַנגעשטילטן קלױסטער, בשעת דער דאַבראַדושני האַלט באַם אױפֿהײבן די אַלערהײליקסטע האָסטיע — האָט פֿלוצלינג אַ לערכן־שטימע אָפּגעקלונגען...

זי האָט זיך אָפּגעריסן ערגעץ פֿון אַ פֿעלד, האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פֿליגל און אָנגעהױבן כשװיטשערן פּונקט װי דאָס רײן זילבערנע סיגנאַלן־גלעקל, פּונקט װי דער שמעקעדיקער פּרי־לינג־קװאַס. זי האָט אין גלײַכן הימל געשימערט, געטראָגן זיך אין דער הײך, געלאָזט זיך הערן, זיך אין דערדאָזיקער הײליקער שטילקײט פֿון זון־אױפֿגאַנג איבער דער גאַנצער װעלט צעקלונ־גען.

גלײַכצײַטיק האָבן אױך אַנדערע אָנגעהױבן אױפֿשטײן, מיט די פֿליגלעך קלאַפּן, אין הימל אַרײַן זיך רײַסן, און עקסטאַטיש זינגען און צעטראָגן די בשורה פֿון פֿרימאָרגן יעדן פּילגרים באַ־שטאַנטש.

# פ ר י ל י נ ג

1

ס׳איז געווען פרילינג-צייט. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן.

אַ ניסן-טאָג האָט זיך פויל אויפגעהויבן פון געלעגער, פון פינסטערניש און נעפל, פונקט ווי דער פאַראָבעק, וואָס האָט זיך געלייגט שלאָפן אַן אָפּגעהאָרעוועטער, און נישט אויסגעשלאָפן זיך ווי עס באַדאַרף צו זיין, מוז ער זיך שוין אויפרייסן מיטן טאָג צו-גלייך, כדי זיך באַלד צו נעמען צום אַקעראייזן און אָנהייבן אַקערן.

ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן.

אָבער ס׳האָט נאָך געהערשט אַ שטאַרקע שטילקייט. בלויז דער טוי האָט געדיכט געטריפט פון די ביימער, וואָס זענען די פאַרשלאָפן געווען אין דעם נישט דורכזיכטיקן נעפל.

דער הימל, פונקט ווי אַ בלויע גלאָכטע, אַדורכגעשטאָכן מיט פייכטקייט פון טוי, האָט שוין אָנגעהויבן אַ ביסל קלאָרער ווערן איבער דער שוואַרצער, טיפער ערד, וואָס איז איינגעוויקלט אין דער פינסטערניש פאַרזאָלן געווען.

די נעפּ־לן האָבן מיט אַ ברייטקייט די פייכטע לאָקנס און

בילע געצייכנט: י. טיקאָטשינסקי

געזעצט: פ. קרימער, פולאַק

געדרוקט: אין דרוקעריי „רעקאָרד" וואַרשע, דזיקע 18.

---

Wł. St. REYMONT

# CHŁOPI

Przeł. Sz. Rozenberg

---

Drukarnia „Rekord" Warszawa. Dzika N-18.

# וול. סט. ריימאנט

# פויערן

דריטער באַנד

## פרילינג

יידיש: שלמה ראָזענבערג

וואַרשע, אָגראָדאָווע 27.

# וול. סט. ריימאנט

# פּ ו י ע ר ן

עפּאָפּיי אין פיר בענדער איבער-
זעצט מיט דער דערלויבעניש פון
מחבר: ש ל מ ה  ר אָ ז ע נ ב ע ר ג

פ אַ ר ל אַ ג „אָ ר י ע נ ט"

